* * *

געלײמט זאָל זײַן
מײַן רעכטע האַנט,
װען איך פֿאַרגעס
מײַן ייִדיש לאַנד!

געלײמט זאָל זײַן
מײַן יעדער גליד,
װען איך פֿאַרגעס
דעם נאָמען ייִד!

געלײמט זאָל זײַן
מײַן צונג צום אָרט,
װען איך פֿאַרגעס
דאָס ייִדיש װאָרט!

געליימט זאָל זיין
מיין האַרץ און מוט,
ווען איך פאַרגעס
אויף יִדיש בלוט!

געליימט זאָל זייַן
מייַן רעכטע האַנט,
ווען פאַר מייַן פאָלק
און פאַר מייַן לאַנד
כ'אַנטבלויז מייַן שווערד ניט
צום שלאַכטן־ראַנד!

געליימט זאָל זיין!...
געליימט זאָל זיין!...
ווען איך פאַרגעס!...

## משה בן עמרם

**משה:**

קנעכטישע רוקנס
און שקלאַפּיש געבויגן!
קנעכטישע רוקנס
מיט בלוטיקע פּאַסן
פון הענקערשע בייטשן!
פלאַמיקע פּאַסן!
און קעפּ —
צו דער ערד,
פאַרשעמטע,
געפאַלענע קעפּ!
גלײַך ווי זיי פרעגן
די ערד,
גלייך ווי זיי זוכן

אָן ענטפּער פון איר,
גלײַך אַ דערלייזונג
זיי וואַרטן
פון איר
און אין איר, —
פון אוממענטשלעכן לײַדן און פּײַן
געשוואָלענע פיס,
וואָס זיי קנעטן דעם ליים
און ציטעריק שלעפּן אויף זיך
די קנעכטישע רוקנס
מיט די ציגל אינאיינעם.
קנעכטישע פיס,
וואָס באַטרעטן מיט פיינטשאַפט
די פיינטלעכע ערד,
די מיצרישע ערד.
אָט דאָס איז מיין פאָלק,
מיין ייִדישע פאָלק!
קיין געשריי
און קיין רוף,
און מערנישט ווי אַ זיפץ
פון דעם האַרצן־געוויין,
מערנישט ווי אַ קרעכץ

פון נשמה—גערודער.
קיין טרער
אין די טרוקענע אויגן,
אויגן פאַרכמאַרעט
מיט שרעק און מיט צאַפּל,
אויגן פאַרלאָפן מיט אומעט,
אויגן פאַרמאַטערט
פון פּיַין און פון ליַידן,
אויגן פאַרגאַנגען
אין בענקשאַפט, אין טרויער,
אויגן צעפלאַמטע פון צאָרן,
אויגן דערשטיקטע פון פיַינטשאַפט,
אויגן צעקלעמטע פון אומרו,
אויגן דערוואַרעמט פון האָפנונג,
אויגן צעבליצט פון נשמה-געווירבל,
אויגן צעפלאַקערט
פון מוחות-גערודער, —
ייִדישע אויגן,
וואָס מעכטיקער זיינען
פון הענקערשע בייַטשן.
אָט דאָס איז מיין פאָלק,
מיַין ייִדישע פאָלק.

אַ פֿרײַע אין קנעכטשאַפֿט,
פֿון יאָך אַ צעצאָרנט,
שקלאַפֿן,
וואָס רײַסן די קייטן
און ברעכן די גראַטעס,
ווען עס צעבליצט זיך
זייער מענטשלעכע שײַן
ווען עס צעדונערט
זייער הערצער־געדרודער,
ווען ווענט צעשטראַלטע
זיך שפּרייטן אין ווײַטקייט.
ווען צום געראַנגל
די פֿרײַהײַט עס רופֿט.

* * *

אין מײַן טאָגיקן פּײַן
מיטן פֿאָלק און אינאיינעם,
בײַ מײַן נאַכטיקער רו
אין די ייִדישע צעלטן
אַ כּוח עס רודערט
אין האַרצן אין מײַנעם,
אַ כּוח עס רופֿט מיך:

גענוג שוין צו ליַידן!
אַן עק צו דעם פּיַין!
און ביז וואַנען
און וויפל
די קנעכטשאַפט וועט זיין?!
און ס'דוכט מיר,
איך הער:
עס רופט מיך מיַין האַרץ
און זאָגט מיר און רעדט
און הייסט מיר:
גיי, קום אַרויס
צו דעם ייִדישן פאָלק!
צו די ברידער פאַרשקלאַפטע
צו דיינע.
לערנען זיי זאָלסטו
און מונטערן זאָלסט
און רופן מיט האַרציקן רוף:
צום געראַנגל!
פון קנעכטשאַפט צו פריַיהיַיט
אַרויס!
צום אויפשטאַנד זיי רוף
קעגן דעם מיצרישן הערשער.

און אַליין —
אַ פאַרגייער זײַן
זאָלסטו ביי דעם פאָלק!
און ביים לערנען
געדענקען זאָלסטו:
ניט אויפהערן רופן צום פאָלק
און ניט אויפהערן מונטערן אים
און זאָגן צו אים:
ייִדישער כוח איז מוח,
געפלאָכטן מיט לאַרבער,
געאייניקט מיט שווערד.
ייִדישער כוח איז פאָלק,
באַהעפט און געבונדן אינאיינעם.
ייִדישער כוח איז לאַנד,
ווי ביי אַ מאַמען די קינדער אינאיינעם.
ייִדישער כוח איז פרײַהײַט,
געטראָגן מיט ייִדישן האַרץ,
פרײַהײַט פאַר ייִדישע ברידער
פאַר דײַנע,
פרײַהײַט פאַר מענטשן
פון פעלקער די פרעמדע,
און אוים קנעכטשאַפט אויף אייביק!

ייִדישער כוח איז כבוד און רעכט
פאַר מענטשן פאַר אַלע.
ייִדישער כוח איז ליבשאַפט
צו ייִדישע ברידער,
צום ייִדישן פאָלק
און צום ייִדישן לאַנד,
און פריינדשאַפט
צו פעלקער צו אַלע.
ס'איז ייִדישער כוח —
געראַנגל:
נשמות-געראַנגל,
הערצער-געראַנגל,
מוחות-געראַנגל
און גופים-געראַנגל,
געראַנגל מיט מוח און שווערד
פאַרן ייִדישן מענטש,
פאַרן ייִדישן פאָלק,
פאַרן ייִדישן לאַנד,
פאַר פרייהייט,
פאַר כבוד
און ליבשאַפט!

* * *

אין מײַן טאָגיקן גאַנג,
אין מײַן שלאָפלאָזער רו:
פיל איך און הער,
ווי עס פאַלט צו מיר צו
אַ רופנדיק שטים
און עס פאָדערט און מאָנט:
— גיי, קום אַרוים
צו דעם ייִדישן פאָלק,
צו די ברידער צו דײַנע!
און זאָג און דערצייל
פון דעם פאָלקישן כוח פון זײנעם
און גערמונטערט,
געטרייסט און באַגײַסטערט
זאָל קוועלן
דאָס האַרץ און נשמה
פון ייִדישן פאָלק
פון זיין אייגענעם כוח
און דערהויבן זאָל ווערן
צו די מענטשלעכע הויכן
זײַן מענטשלעכע האַרץ.
און זאָג אים:

געקומען צו אים איז זיין כוח
און געבוירן פון אים
בײַ זײַן פײַן־וועג דעם שווערן,
אין זיין גינגאָלד־נשמה געלײַטערט
און אין האַרצן געטראָגן
צו זיך און צו פעלקער צו אַלע.
צום ייִדישן פאָלק ברענג אַרוים
פון זײַן מענטשלעכן האַרץ
די געבאָטן די פינף,
וואָס האָבן געפירט אים
אין פײַנלעכע וועגן
און וועלן אים פירן
צו בלענדנדע ווײַטנס.
די געבאָטן זיי זײַנען
ניט אויף טאָוולען געשריבן,
ניט אויף שטיינער געקריצט, —
אויף האַרציקן ייִדישן גינגאָלד,
געשניטן מיט פײַן און מיט שײַן,
אין זײַן בלוטיקן וועג
און צום לעבן געבראַכט —
פאַר זיך
און פאַר פעלקער פאַר אַלע.

און אויף אייביק
ניט פֿאַרווישן וועלן יאָרן,
ניט אָפּמעקן דורות,
ניט אויסברענען שונאים
וועלן די געבאָטן
די פֿינף
פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק.
און זאָג צו דעם פֿאָלק:
איינזאַם און עלנט
וועט בלייבן דער איינער,
וואָס וועט פֿאַרלאָזן
דאָס ייִדישע פֿאָלק.
פֿאַרטיליקט וועט בלייבן דער איינער,
ווען ער פֿאַרשוועכט די געבאָטן
פֿונעם ייִדישן פֿאָלק.

* * *

אין מײַן טאָגיקן קנעטן און בויען,
ביי מײַן נאַכטיקער רו
עס רוט ניט מיין קאָפּ,
און איך פֿרעג זיך אַליין:
אַ פֿאַרגייער זיין ביי מיין פֿאָלק

און אַ פירער צו אים?
איך בין דען ווערט
אַ פירער צו זיין?
דען געררופן האָט מיך
מיין ייִדישע פאָלק
פאַר אַ פירער צו זיך?
און עס ענטפערט אַ שטים
פון מיין האַרצן אַרוים:
דיין האַרץ וועט דיר העלפן
אַ פאָלקס־פירער זיין.
און עס זאָגט מיר מיַין האַרץ:
מערנישט אַ בלינדע בין איך,
אָבער די ערשטע איך הער
די פאָלקישע הערצער,
וואָס שוויַיגנדיק ריידן
און שטורעמדיק שוויַיגן.
פון מיר וועסט דערהערן
די פאָלקישע רייד,
איך וועל דיר ברענגען
דעם פאָלקישן אומרו,
דיר צוטראָגן וועל איך
דעם פאָלקישן ווילן.

— און איך —
זאָגט דער קאָפּ —
איך זע דעם גאַנג,
איך זע דעם וועג,
איך וועל דיך פירן
מיט וועגן מיט גלײַכע.
און הערן און טאָן זאָלסט
וואָס דאָס פאָלקישע האַרץ רעדט,
וואָס דער פאָלקישער קאָפּ הייסט.
— אָבער פון אָטעם פון קורצן,
פון אַרבעט פון שווערער
וועט מיך דען הערן מיין פאָלק?
עס וועלן דען קומען צו אים
מיינע רייד?
וועט דען גלויבן דאָס פאָלק
און פאָלגן מיין וואָרט?
און גיין וועט דאָס פאָלק
פון קענכטשאַפט געוווינטער
צו פרײַהײַט אַרוים?
ענטפערט אַ שטים מיר:
— טראָג צו דיין האַרץ
צו זיין האַרצן,

שטעל איַין דיין לעבן פאַר אים,
וועט דיך הערן דאָס פאָלק,
וועט דיר גלויבן דאָס פאָלק,
וועט גיין פוסטריט נאָך דיר
מיט דאַנק און מיט ליבשאַפט.
און ווידער
איך פרעג מיך אליין:
און ווו איז דער וועג?
און וווּהין
זאָל איך פירן
מיין פאָלק?
ענטפערט דאָס האַרץ מיר,
און עס וויַיזט מיר
מיין קאָפּ:
צו דער היים צו דער אַלטער,
צו דער שטוב צו דער מאַמעס
ציִען קינדער פון וואָגל
צוריק —
ענטפערט דאָס האַרץ מיר.
און ווי אַזוי
רײַסן קייטן
און ברעכן די גראַטעס

און פון קנעכטלאַנד אַרויס?
און אפשר די אייגענע וואָרצלען
וועלן זיך שיידן ניט וועלן
מיט דער ביטערער ערד?
וועט זיך דען שיידן אַ פאָלק
מיט פאַראַנגענעם ברויט?
און צום בײַטש
געוווינט ווערט אַ פאָלק,
ווען עס טרעט פון אים אָפּ
זיין פאָלקישער כוח.
און מיין האַרץ
האָט אַ ריס געטאָן טיף:
— דו גלויבסט ניט
אין יִידישן פאָלק,
וואָס דו אַליין
דאַרפסט אים פירן?!
גיי צום פאָלק! —
זאָג איך דיר,
זיין בלוטיקן צאָפּל דערהער!
די פאָלקישע כוחות צעפלאָם,
די כוחות,
וואָס שטומען פאַרגליווערט

און וואַכנדיק וואַרטן
אויף שטורעם־געוויטערס,
אויף דונער־גערופן
צום פרייהייט־געראַנגל!

* * *

אין אָוונטן קילע,
ווען אַ קופּערנע זון
קושט אוים און צערטלט
די שווייסיקע לײַבער
און פּנימער מידע
און אין צעלטן געצויגן
עם גלײַכן זיך אויסעט
פאַרמאַטערטע גלידער,
הערט מיין האַרץ דעם געזיפץ
און דעם הערצער־גערוף
פון מיין פאָלק.
יתומים באַוויינען
און אלמנות באַקלאָגן:
פאַרשמיסן צום טויט!
געפאַלן פאַרפײַניקט!
און עם ענטפערן צעלטן

מיט אַ קרעכצן-געווירבל,
מיט אַ שטורעם-געקרעכץ.
און עס דוכט מיר:
פון צעלט און צו צעלט
אַ גערוף אַ געשטיקטער:
— וואָס זיינען מיר:
קנעכט אָדער מענטשן?
און ווער זיינען מיר:
אַ פאָלק אָדער קיינער?
און ווו איז אַ נביא?
אַ פירער איז ווו?
און פון וויי און פון צאָרן
איך הער אַ גערוף:
— מענטש! ייִד!
שטיי אויף!
דערהייב
צום געראַנגל דיין פאָלק!
צום אויפשטאַנד
פאַר מענטשלעכע רעכט
און פאַר פאָלקישן כבוד!
און אויפשטיין דאָס פאָלק וועט
און פאָלגן וועט דיך

און גלויבן וועט דיר.
און דו,
דו אַליין
זאָלסט גלויבן אין פאָלק!

* * *

ברעטער און טרעפּלעך
אַרויף און אַרויף.
בויגן זיך, שאָקלען זיך,
טרייסלען זיך טרעפּלעך, —
עס שווינדלט דער קאָפּ.
און געהויקערטע רוקנס,
געבויגענע קעפּ
שלעפּן און שלעפּן
די ציגל אַרויף.
איינער נאָך איינעם,
און פוסטריט געגאַנגען
און שלעפּן די פיס
און די רוקנס
מיט ציגל אינאיינעם.
מערנישט אַ רגעלע שטיין,
אַ וויילינקע כאַפּן דעם אָטעם
דעם שווערן!

הענקער:

— ווער האָט דיר טראַכטן דערלויבט,
דו יִידישע ביין?
אַ קנעכט ביסטו דאָ
צו דעם מיצרישן הערשער, —
שלעפּן און בויען זאָלסטו!
דו און דיין קינד
און די קינדס־קינדער דיינע!...
און דאָ וועסטו שטאַרבן ביים בויען!
ס׳וועט דיך באַגלייטן די בײַטש
ביז אין דיין קבר אַריין!

משה:

— שטיי מיט דיין בייטש!
און די האַנט צי צוריק!

הענקער:

— ווער ביסטו, יִידישער קנעכט,
וואָס דו נעמסט זיך באַפוילן?

משה:

— איך בין איינער פון די,

וואָס זיי שטאַרבן ביים בויען.
און היינט
שטאַרבן וועסטו,
מיצרישער הענקער!
און גלײַך אויפן אָרט
בלייבסטו ליגן דאָ טויט!
דיין קנעכט
מיט דיינעם אַ ציגל
וועט דיר פּלעטן דעם קאָפּ
און דו, ברודער מיינער,
שטיי אויף און שטאַרק זיך
און דעם אָטעם כאַפּ אָפּ.

דער געשלאָגענער:
ווער ביסטו, באַשיצער?
און ווי איז דיין נאָמען?

משה:
—דיינער אַ ברודער בין איך,
דיינער אַ גלײַכן.
איינער פון ייִדישן פאָלק.
אַ לערער ביי ייִדן בין איך.

און רופן רופט מען מיר
משה בן עמרם.

דער געשלאָגענער:
— אַ לערער? ביי ייִדן אַ לערער?
איז לערן מיך, לערער,
ווי זיך צו שטאַרקן
אַקעגן דעם הענקער.

משה:
— ראַנגלען זיך דאַרף מען,
מיין ייִדישער ברודער!
דו זעסט וואָס מען טוט
מיט אַ מיצרישן הענקער?
צעפלאַמען זאָלן ייִדישע הערצער
און קרעפטיקן ייִדישע הענט!
די בייַטש פונעם הענקער
זאָל שאַרפן די ייִדישע שווערד.
און צילן זיך גלייך
צו דעם הענקער
אין זיין האַרצן אַריין!

דער געשלאַגענער:

— לערער! עס וועט אונדז ניט העלפֿן:

זיי זיינען מערער פֿון אונדז,

און די בייַטש איז ביי זיי,

און די שווערד איז ביי זיי.

*משה:*

— איין גערעכטער איז שטאַרקער

פֿון צען באַוואָפֿנטע הענקערס.

און צו קנעכטשאַפֿט

זאָל נעמען אַן עק!

דער געשלאָגענער:

— לערער! מיר איז צום האַרצן דיין וואָרט

און מיט ליבשאַפֿט און טרייסט.

אָבער זאָג, ווי אַזוי? ...

* * *

*משה:*

— שאָקלען זיך מענטשן,

נאַקעטע מענטשן

אין ליימיקן קרייַז.

קנעטן דעם ליים מיט די פיס.
נאַקעטע מענטשן
מיט באָרוועסע פיס.
איינער נאָך איינעם
און פוסטריט.
און קוים וואָס עס הייבן זיך פיס,
געשוואָלענע פיס,
און קוים וואָס זיי פאַלן צום ליים.
רוקנס געבויגן,
און קעפּ צו דער ערד.
און עס קלעקט ניט
כאַפּן אָטעם אַ צופּ
און אַ ווײַלינקע בלייבן דאָ שטיין, —
ס׳זאָלן רויען געזונקענע פיס
אין דעם ליים.
די בלוטיקע פּאַסן אויף לײַבער,
די פּאַסן צעגליטע פון זון
באַשמירן מיט פרישינקן ליים
פון אונטער די באָרוועסע פיס.
דאָס לעצטע טראָפּעלע כוח!
דאָס לעבן גייט אויס!
און פון אַהינטער —

די קנעטערס עס שפּאַרן,
געטריבן פון הענקערשער בײַטש,
איבער בלוטיקע פּאַסן געשמיסן.
צעפּאָכעט אין לופטן די בײַטש
מיט דער טרייסט פונעם הענקער:
— וועסט אויף יענער וועלט רוען,
דו אומריינע ייִדישע פלייש!
דריי זיך אין קרײַז
און וואָס גיכער!
מאַכט ניט אויס,
ווען דו פאַלסט!
דיין זון וועט דאָ שטיין
אויף דיין אָרט!
און מיט דײַן אומריינעם פלייש
שאַקאַלן וועלן מאַלצײַטן פּראַווען
אין מדבר.
שטיי אויף, ייִדישער ביין,
און דריי זיך אין ראָד,
און וועט ניט...

משה:
— און וועט ניט,

וועלן פרעסן שאַקאַלן
דיין הענקערשע פלייש!
און גלײַך אויפן אָרט
בלייבסטו טויט,
דו מיצרישער הענקער!
און איר,
מיינע ייִדישע ברידער,
הערט מיך אויס:
מיין נאָמען איז משה בן עמרם.
אַ לערער ביי ייִדן בין איך,
און אינאיינעם מיט אייך,
מיטן ייִדישן פאָלק
קנעט איך און שלעפּ און איך בוי,
און אינאיינעם מיט אייך
טראָג איך לײַדן און פּײַן.
איר הערט מיך?
און וואָס איז פלוצלונג דער טומל?
אַ הענקער דערהאַרגעט?
שלעפּט אים פונדאַנען
און שלײַדערט אין מיסט-גרוב אַריין!
און הערט מיך,
דעם לַערער:

הערט צו מיין קול:
עס רודערט מײַן קאָפּ,
און איך ברענג דאָס צו אייך
מיין גערודער און רוף:
ביז וואַנען און וויפל
צו לײַדן
זאָל דאָס ייִדישע פאָלק
פונעם מיצרישן הערשער?!
ביז וואַנען און וויפל
געפּײַניקט צו ווערן
פון דער הענקערשער בײַטש?
ביז וואַנען דאָ אויסגיין
מיטן לעבן וועלן מיר?
ווו האָט דער הענקער
גענומען דאָס רעכט
אונדזער פרייהייט באַרויבן?
אונדזער פאָלקישן כבוד צעטרעטן?
מיט ליים און מיט ציגל און בײַטש
פאַרניכטן, פאַרטיליקן אונדז?
און שווײַגן ביז וואַנען
וועלן מיר?
און שווײַגנדיק שטאַרבן

ביז וואַנען?
ווּ איז אַמאָליקער ייִדישער כּוח?
ווּ זיינען גבורים?
די ייִדישע גבורה איז ווּ?
ווּ איז אונדזער האַרטנעקיקע פאָלק?
דאָס פאָלק
פון געראַנגל און שלאַכטן
מיט פרעמדע באַהערשער?
שטיי אויף, מיין פאָלק,
מיין ייִדישע פאָלק!
פון ליַידן און פּיַין
איז אַריבער די מאָס!
צום געראַנגל שטיי אויף!
פון קנעכטשאַפט
צו פרייהייט
אַרויס!
צום אַמאָליקן ייִדישן לאַנד
לאָמיר גיין!
צו דער אַלטער
ייִדישער היים
לאָמיר גיין!
און ביישטיין וועט אונדז

אונדזער ייִדישע מוט,
אונדזער גבורה באַשיצן וועט אונדז!
אונדזער שווערד
וועט אונדז היטן פון פײַנט
רוקנס גלײַכט אויס,
מיינע ברידער!
און געהויבן די קעפּ!
און הערצער באַוואָפנט מיט דראַנג!
נשמות באַקרעפטיקט
מיט מוט און מיט גבורה!
און הענט זאָלן גרייט זיין
צו קלעמען די שווערד!
צום געראַנגל זיין גרייט!
און פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט
אַרויס וועלן מיר,
מיר, דאָס ייִדישע פאָלק
דאָס פאַרשקלאַפטע,
פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט,
פון פרעמדלאַנד צום היימלאַנד,
פון פיינטלאַנד צום פריינדלאַנד!
צום אויפשטאַנד־געראַנגל
האַלט אָן!

שטימען:

— לערער! צי איז דאָס מעגלעך אַזוינס?

צי קען דאָס געמאָלט זיין?

— לערער! צי וועלן מיר בייַשטיין?

— לערער! און ווער וועט אונדז פירן?

ווער וועט ווייַזן דעם וועג אונדז?

משה:

— דער ייִדישער כוח וועט פירן.

אייער גבורה און מוט

וועט אייַך בייַשטיין.

* * *

ייִדישע צעלטן.

שטימען:

— באַלד דאַרף שוין קומען דער לערער

צו אונדז.

עס פאַרגייט שוין די זון.

— וואָס וועט אונדז העלפן דער לערער?

— לאָמיר נאָך אַ מאָל הערן זייַן וואָרט,

וואָס טריפט אונדז אין האַרצן

ווי בוימל.

— ווי טוי אויף די גרעזער פֿאַרשמאַכטע
פרימאָרגנס.
— צו פרייהייט ער רופט אונדז
פון קנעכטשאַפט אַרויס.
און אוים קנעטן דעם ליים
און שלעפן די ציגל אַרויף.
— און ניט שטאַרבן מער
אונטער דער בײַטש.
— צו אָן אייגענעם לאַנד,
צו אָן אייגענער היים.
עס רופט אונדז דער לערער.
— עס רעדט זיך: אַוועקגיין!
ווי גייט מען אַוועק פון אַ הערשער,
וואָס האַלט אונדז אין קלעם?
צי וועלן מיר, די פאַרשמאַכטע,
צעברעכן די גראַטעם?
— ביי אים איז דער כוח,
בײַ אים איז די בײַטש.
— דאָ וועלן מיר אויסגיין,
דאָ וועלן מיר פאַלן,
ווי טאַטעס און זיידעס
עס זיינען געפאַלן...

— און דאָך...
ווי אַזוי וועט זי קומען,
די פרייהייט?
— און אפשר ניט מער ווי אַ טרייסט
וויל אונדז ברענגען דער לערער?
און ניט פאַלן ביי זיך זאָלן מיר?
— צום גערשאַנגל ער רופט,
און ווער ווייסט דערנאָך...
די בייזע שעה זאָל ניט קומען,
פאַרטיליקט מען אונדז...
— און ווער ווייסט אים,
ווי איז דאָס הימלאַנד געטרוימטע,
וואָס ער רופט צו אים גיין?
ס'האָט אים קיינער און קיינמאָל געזען.
— און דאָרטן איז וואָס?
ווי אַזוי אין דעם הימלאַנד?
מערנישט אייגענע הערשער,
און מיר ווידער די קנעכט?
— ווי קען געמאָלט זיין אַ לאַנד
אָן קנעכט און אָן הערשער?
— דאָ האָבן מיר פישן און פליישן,
און וואָס וועט זיין דאָרטן?

משה:

— גענוג שוין אייך, ברידער!
פאַרגיין זאָל ווי רויך
אייער צווייפל.
זאָל קומען בטחון
צו אייערע הערצער.
זאָל אָנגיין די רו
אויף נשמות פאַרבענקטע,
און זאָלן דערפרייען זיך אויגן,
פאַרמאַטערטע אויגן,
און קיין פאַריתומטע קינדער ניט מער
פון דערהאַרגעטע טאַטעס
און קיין אלמנות ניט מער
פון פאַרטיליקטע מאַנען.
גענוג שוין!
גענוג איז צו ליידן!
קומט, לאָמיר גיין,
מיינע ברידער פאַרשמאַכטע!
שטיי אויף,
מיין ייִדישע פאָלק!
און אין ייִדישן לאַנד
וועט קיינמאָל קיין קנעכט

און קיין באַהערשער
ניט זיין.
קיין געפּלאָגטע, געיאָגטע,
און אַלע ווי ברידער.
מיט יעדן איינעם —
דאָס ייִדישע פֿאָלק,
און יעדער איינער —
מיטן ייִדישן פֿאָלק
און ווער אויסער דעם פֿאָלק,
איינזאַם און עלנט וועט בלײַבן, —
דאָס איז זיין גורל אויף אייביק.
זאָלן דאָ בלייבן פּחדנים!
אומגלויבער זאָלן דאָ בלייבן!
זאָלן דאָ בלייבן די קנעכט,
וואָס ס'איז זיי ליב
זייער קנעכטשאַפט
מיט די פֿישן און פֿליישן צוזאַמען.
די, וואָס זיינען
דעם ייִדישן נאָמען ניט ווערט!
און מיר,
דאָס פֿרייע
דאָס ייִדישע פֿאָלק,

וועלן גיין
פון קנעכטשאַפֿט
צו פרייהייט אַרויס!

שטימען:
— לערער! גוט איז דיין וואָרט
און צום האַרצן עס קומט,
ווי טוי אין פרימאָרגן,
ווי היילונג צו אונדזערע גלידער!
— לערער! פאַרפירסט אונדז!
מיט ווערטער מיט שיינע
פאַרבלענדסט די נשמות!
אַ לערער אַ פאַלשער ביסטו!
— לערער! און ווער וועט אונדז ווייזן
דעם וועג?
— לערער! ס'וועט זיך דען שיידן דער הערשער
מיט קנעכט מיט אומזיסטע,
וואָס שאַפן און בויען אים טורעמס?

משה:
— ברידער מיינע! מיין יידישע פאָלק!
פרעגט זיך אַליין,

פרעגט אייער הארץ
רופט אייער קאפ.
זיי וועלן ענטפרן אייך:
קנעכט אָדער פרייע?
טויט אָדער לעבן?
פרעמדלאַנד צי היימלאַנד?
געוויין אָדער פרייד?
שקלאפעריי אָדער כבוד?
די בייטש אָדער אויפשטאַנד?
און ווייזן דעם וועג
וועט אונדז פאָלקישער שכל
און פירן
וועט גבורה און מוט,
באוואָפנט מיט שווערדן!
און יעדער איינער
זאָל גיין מיטן פאָלק!
זיך באהעפטן מיט אים!
און געדענקען זאָל יעדער:
ווען ער גייט מיטן פאָלק,
וועט ער קיינמאָל ניט בלאָנדזען!
ווייל עס בלאָנדזעט ניט קיינמאָל
א פאָלק!

שטימען:

— גערעכט איז דער לערער!

— ער — דער גערעכטער!

און גענוג שוין צו פאַלן דאָ טויט!

— לאָמיר גיין!

— לאָמיר גיין!

(ביי די צעלטן — אַ וויי־געשריי פון ווייבער
און קינדער.

מען ברענגט אַריין פאַרפייניקטע ייִדן.
עס זאַמלען זיך
מענטשן. אַ טרויער, אַ געפּאַלנקייט.
אויפגעבראַכטע,
צעצאַרנטע שטימען: הענקער! מערדער!
מיצרים!)

משה:

— ייִדן... ברידער!... פאָלק מייַנס!...

לאָמיר גיין!

לאָמיר גיין!

און אוועק פונעם טויט!

צום לעבן!...

צום היימלאַנד!...

צו פרײַהײַט !...

שטימען :

— לערער ! פיר אונדז !

— דו ביסט דער גערעכטער !

— מיר װעלן דיך הערן און פֿאָלגן !

— לאָמיר גײן !

— לאָמיר גײן !

— לאָמיר גײן !

— פון קנעכטשאַפט צו פרײַהײַט !

— לאָמיר גײן !

— לאָמיר גײן !

— לאָמיר גײן !

## אויף די בערג פון אפרים

שטאָט־פּלאַץ אין ירושלים. אַ מענטשן־
געזאַמל, וואָס צעשיידט זיך באַלד צו
צוויי אָפּגעזונדערטע גרופּעס. מענטשן
זיינען אויפגערעגט, צעצאָרנט. אַ גע־
רודער פון אויפגעבראַכטע שטימען.

אויסגעשרייען:
— מען פאַרקויפט אונדז!
— צו די גריכן
פאַרקויפט מען דאָס פאָלק!
— מען צווינגט אונדז מיט בלוט
גריכן צו ווערן!
— אוים יִדן!
— כהנים פאַלשע.

וואָס האַנדלען מיט גאָט!
הערשער פאַרקויפטע
פאַר רײַכטום און הערשאַפט!
— ווו איז אַ נביא צום פאָלק?
— וואָס שווײַגן נביאים,
ווען מען פאַרגיסט אונדזער בלוט?
— ווו איז גאָט,
אונדזער גאָט?
קאַרג אים קרבנות געבראַכט?
אויף דערבײַיאיקע הויכע טרעפּ שטייט אויף
אַן עלטערער מאַן,
אַ הויכער, מיט אַ ווייסן קאָפּ האָר.
לויטער און האַרציק שײַנען אַרום זיינע
ברייט-צעעפנטע אויגן
פון אונטער די ווײַסע געדיכטע ברעמען.
פון מאָל צו מאָל צעבליצט אַ צאָרן אין זיינע אויגן.

שטימען:
— שטילער! שטילער!
— אונדזער אליעזר
וויל עפּעס זאָגן צו אונדז!

אליעזר:

— ניט פֿאַלן געבוקט וועלן מיר
פֿאַר דעם גריכישן הערשער!
ניט בויגן
דעם ייִדישן קאָפּ
וועלן מיר!
זיך ניט קניִען
פֿאַר די געצן פֿאַר זיינע!
אנטיוכס, —
ער מיינט ניט די געצן, —
ער מיינט
אונדזער ווידערשטאַנד שטילן.
דערשטיקן, פֿאַרשקלאַפֿן
ער וויל אונדזער פֿאָלק,
צעשפּרייטן זיין מאַכט
איבער אונדז,
צו זיין מדינה אונדז ברענגען
פֿאַרשקלאַפּטע
אונטער זיין הערשאַפֿט.
צוערשט —
מיט די געצן מיט זײַנע,
דערנאָך

מיט געזעצן מיט זײַנע
אויסגלײַכן אונדז
צו איין פֿאָלק
מיט די גריכן.
און ווען מיר גייען ניט אײַן,
אויסראָטן וועט ער מיט בלוט
אונדזער יִדישן נאָמען.
אונדזער יִדישן פֿאָלק,
אונדזער יִדישע לאַנד,
אונדזער יִדישן כבוד.
ער האָט זיך באַהעלפֿערס געפֿונען
בײַ אונדזערע ברידער.
קוקט זיי אָן!
אין דער זייט שטייען זיי
און באַזונדער פֿון אונדז.
מיטן שונא
זיי גייען אינאיינעם
און העלפֿן אים גוט
פֿאַרגיסן דאָס בלוט
פֿונעם יִדישן פֿאָלק.
פֿאַררעטער זיי זײַנען!
דער כהן גדול — מיט זיי,

דער מלך — מיט זיי!
זיי האָבן אַ טעות
די הערשער די אַלע:
צום יִדישן פֿאָלק
איז פֿאַרהאַקט זיי דער וועג!
עס וועט אויפשטיין דאָס פֿאָלק
קעגן זיי,
קעגן אַלע,
קעגן פרעמדע און אייגענע אַלע...

**שטימען פון די זייטיקע:**
— ווּעמען מיינסטו דערמיט, אליעזר,
און וואָס ביסטו אויסן צו זאָגן?
— דיין וואָרט צי צוריק
און ווען ניט...

**אליעזר:**
— ווען ניט,
ווּעסטו מסורן מיך
צו דעם הערשער?
און מען זעצט מיך
אין תפיסה אַריין?

און מען האַקט מיר דעם קאָפּ?

**די שטים:**

— יאָ! ווען ניט,

בלייבסטו טויט!

**אליעזר:**

דיך מיין איך, פאַררעטער!

און דיינע מיין איך!

און דיַין גריכישע שווערדל באַהאַלט.

און ווען ניט,

פאַלט זי איבער דיַין האַלדז...

באַפלעקט איז דיַין האַנט

פון ייִדישן בלוט!

**די שטים:**

— מיר זיַינען דען שונאים?

ניט אמת!

ראַטעווען מוז מען

דאָס ייִדישע פאָלק.

און ווען ניט,

גייט עס אונטער.

צו ברודערשאַפט קומען

מיר רופן

מיטן גריכישן פאָלק

זיך אָפּלערנען דאַרף מען

ביי אים!

ביי זיי, ביי די גריכן,

איז חכמה,

ביי זיי, ביי די גריכן,

איז וויסן,

ביי זיי, ביי די גריכן,

איז קונסט,

ביי זיי, ב די גריכן,

איז שיינקייט,

ביי זיי, ביי די גריכן,

איז פרייד.

און וואָס איז ביי אונדז,

ביי די יִידן?

שרעק און פּחד

פאַר גאָט,

פאַר דעם יִדישן גאָט,

פאַר דעם צעצאָרנטן הערשער,

וואָס גאָכאַנאַד ער טוט שטראָפן

ווי קנעכט אונטערדיקטע,
ווי אונטערטעניקע שקלאַפן
דאָס ייִדישע פאָלק,
און אויף צו שטילן זיין צאָרן
דאַרף מען ברענגען קרבנות
פון רינדער און שאָף.
דאָס ייִדישע פאָלק
איז אַ שקלאַף
צו דעם ייִדישן גאָט.
די גאָטס דינער פאַרשקלאַפן
דאָס ייִדישע פאָלק.
ווייניק איין תורה,
האָט מען נאָך הונדערט געמאַכט.
און די חכמה די גאַנצע
באַשטייט פון איין תורה,
"לא" — און מען טאָר ניט!
אויף דער־וועלט איז גאָרנישט,
אויף יענער וועלט — אַלץ,
ווען דו ליגסט אין דער ערד
אַ צעפוילטער.
ניין! גענוג צו זיין קנעכט
ביי דעם ייִדישן גאָט

און ביי זיינע באַדינער !
לאָמיר גיין צו די גריכישע ברידער
מיט גוטן
און ווען ניט,
מיט בייזן וועט זיין
איבער אונדז.
און גריכישע ברידער
וועלן קיינמאָל פאַרגיסן
קיין יידישע בלוט !

אליעזר :
— ניט בלויז אַ פאַררעטער ביסטו
קעגן יידישן פאָלק, —
אַ גריכישער גולם ביסטו,
געקנאָטן פון יידישן ליים.
ס׳איז צען מאָל קליגער פון דיר
אַנטיוכס דער מלך.
די וועלט איז אים ווייניק,
און איינגעמען וויל ער
פעלקער און לענדער.
און פאַרשקלאַפן זיי וויל ער
צו זיין מאַכט און זיין הערשאַפט.

און ייִדן עקשנים זיי זיינען,
און ייִדישער כבוד איז כבוד,
און קיין קנעכט
ווילן ייִדן ניט זײַן.
דו ווייסט,
וואָס איז ייִדישער כבוד?
ייִדישער כבוד
איז דאָס ייִדישע פאָלק!
ייִדישער כבוד
איז דאָס ייִדישע לאַנד
ייִדישער כבוד
איז פרײַהײַט,
גערעכטיקייט,
ליבשאַפט!
ייִדישער כבוד
איז מענטשלעכע שטאָלץ!
געראַנגל
איז ייִדישער כבוד!
ייִדישע הערצער
עס טראָגן דעם כבוד
אונדזער כבוד צעטרעטן
פאַרבלענדן אונדז וויל ער

מיט לוסט און מיט פרייד
און דערשטיקן מיט בלוט.
און דו און דײַנע
באַהעלפערס איר זייט
דאָס יִדישע בלוט צו פאַרגיסן.
שונאים זייט איר
און פאַררעטער!
און דעם יִדישן גאָט
צו באַגרײַפן
וועט דיין גולם־קאָפּ
קיינמאָל ניט גרייכן.
איז גייט אײַך פונדאַנען!
גייט צו די גריכישע הענקערס!
גייט — און פאַרלאָזט אונדז!
און געדענקט אײַך,
פאַרגעסט ניט:
אונדזער שווערד
וועט ניט שאַנעווען קיינעם, —
אייך מיט די הערשער אינאיינעם,
ווען פאַרן יִדישן כבוד
אין שלאַכטן
מיר וועלן זיך טרעפן!

און איר, ברידער מײַנע,
וואָס זייט איר שווײַגן געבליבן?
און אפשר נאָך ווער ניט איז
צו די גריכן וויל גיין?
איז נעמט אײַך
אינאיינעם מיט יענע
און גייט!
און לאָזט זיך ניט בעטן
און לאָזט זיך ניט וואַרטן
אויף אונדזערע שווערדן.
און מיר,
דאָס ייִדישע פאָלק,
וואָס ס'איז אים הייליק און טײַער
דער ייִדישער כבוד,
מיר וועלן שאַרפן די שווערדן
און קלעמען זיי שטאַרקער
מיט גבורה און מוט.
צום געראַנגל זיין גרייט,
צום אוויפשטאַנד
די צייט איז געקומען!
אַריבער די מאָס איז
פון לײַדן און פּײַן!

פול איז דער בעכער
מיט טרערן און בלוט
פון אונדזערע ברידער,
דערשטיקט און דערמאָרדעט!
בלוטיקע טרערן
פון ווײַבער־אַלמנות,
פון קינדער־יתומים.
די שווערד
וועט ריינוואַשן אַלץ!
ברידער! איין אויסוועג —
די שווערד
און געראַנגל!

שטימען:
— ביסט גערעכט, אליעזר!
— איין אויסוועג:
די שווערד
און געראַנגל!

* * *

**אין הויז בײַ מתתיהו חשמונאי. בײַם**
**טיש זיצט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ איבער**

**די עלנבויגנס, דער אַלטער מתתיהו.**
**ביַי די וועגט זיצן זיַינע פינף זין. עס**
**קומט אַריַין אליעזר פון ירושלים.**

מתתיהו:

— ברוך הבא, אליעזר!
ווויל איז דיין קומען צו אונדז!
זיי געבענטשט,
האַרציקער פריינד!

אליעזר:

— זיי געבענטשט, מתתיהו!
זייט געבענטשט, בחורים!

מתתיהו:

— איך האָב דיך פאַרבעטן צו זיך, אליעזר,
און דערצייל מיר, איך בעט דיך,
וואָס גייט דאָרטן אָן
אין דער שטאָט.
פאַרביַיגייער קומען,
וואָס אַנטלויפן פון שטאָט,
אום זיך צו באַהאַלטן

אין בערגיקע היילן.
דיין נאָמען דערמאָנט מען
צו גוטן,
מיט דיין נאָמען מען בענטשט זיך.
איז זאָג און דערצייל אונדז
פון אַלץ,
ניט געמינערט אַ האָר.

אליעזר:
— ליידיק פון מענטשן
בלייבט זיצן די שטאָט.
ליידיק די הייזער,
ווי נאָך אַ מגיפה
אָדער פון שונא באַפאַלן.
אַ געוויין, אַ געקלאָג
אויף גאַסן און פּלעצער.
צעבלוטיקטע קוים וואָס זיי גייען,
פאַרפּײַניקטע ליגן געפאַלן,
פאַרכלינעט בײַם אָפּגיין מיט בלוט.
פאַרבליבענע זאַמלען זיך שטיל
און אינאיינעם מען טרויערט
און שטומען מ'ען בלײַבט

ביים אָנקום פון גריכישע זעלנער.
אויף גאַסן און פלעצער מזבחות
פאַר גריכישע געצן.
קרבנות מען רויכערט.
און ייִדן מען שלעפּט
און מען שלאָגט
און צו די געצן
זיך קניִען און בוקן
מען צווינגט.
ווילן ניט ייִדן,
און נאָכמער מען שלאָגט
פאַר זייער אומגלויבן.
מערנישט די,
וואָס צו די גריכן
אַוועק זיינען זיי,
וואָס העלפן צו פּיַיניקן ייִדן,
די לעבן ווויל,
און מיט אונטערטעניקן שמייכל
זיי קוקן אַרוים
צו אַ דאַנק-וואָרט פון גריך,
צו אַ פּאַטש איבער פּלייצע,
און גרייטע צום דינען.

און אין בלוטיקע ווייען,
בײַם אָפּגיין מיט טרערן
וואַרט דאָס ייִדישע פאָלק
אויף אַ נביא,
וואָס זאָל אַראָפּגיין און טרייסטן
און אָנזאָגן זאָל
פון אַ סוף צו די לײַדן
און פון פריידיקע טעג.
און ווען ניט,
ווען דער נביא עס קומט ניט,
גרייט איז דאָס פאָלק
צום געראַנגל זיך שטעלן,
ווען עמעצער רופט אים,
ווען אַ העלד וועט אים פירן.

מתתיהו:

— אונדזער לאַנד זיצט אין חורבן,
אונדזער לאַנד זיצט אין טרויער,
עס גייט אָפּ מיט בלוט
אונדזער פאָלק.
און דערצו נאָך פאַררעטער...
ייִדן קעגן ייִדן!...

אויסגלײַכן וויל אונדז
דער גריך, —
אונדזער ווידערשטאַנד
שטילן ער וויל
און דערשטיקן דערנאָך...
עס לויערט דער טויט
אויפן פאָלק,
אויפן לאַנד!
איז ליבער דער טויט,
ווי אוים פאָלק
און אוים לאַנד!
צום וואָפן און שלאַכט
לאָמיר רופן דאָס פאָלק!
און אין גריבער און היילן
זאָלן קריכן פּחדנים.
זײַן מײַנע!
מיר גייען די ערשטע!
און דאָס ייִדישע פאָלק
וועלן מיר רופן
מיט אונדז גיין.
קענן די הענקער זיך שלאָגן.

(בײַ דער טיר פון הויז קומען אויף צוויי גריכישע זעלנער, באַוואָפנט מיט אַנט־בלויזטע שווערדן).

זעלנער:

— ווער איז דאָ
מתתיהו חשמונאי?

מתתיהו:

— איך בין
מתתיהו חשמונאי.
וואָס ווילסטו האָבן
פון מיר?

זעלנער:

— קום מיט אונדז!
איך באַפעל דיר
אינעם נאָמען
פון אַנטיוכס דעם קיסר!

יהודה:

— פאַטער! מיר גייען מיט דיר.

מיר ווען ניט לאָזן
דיך איינעם אַליין!

**מתתיהו:**
קומט, מײַנע זין!
און נעמט עפּעס מיט

**אליעזר:**
— איך גיי מיט דיר אויך,
מתתיהו מײַן פרײַנד!

**מתתיהו:**
— קום, אליעזר!
מיר גייען
געפּײַניקט צו ווערן.
און געדענק,
ווען בײַם לעבן דו בלײַבסט:
צום אויפשטאַנד זאָל קומען
דאָס ייִדישע פאָלק!
דעם הענקער עס שענקט ניט
דאָס פאַרגאָסענע בלוט!
נאָר מיט שלאַכט

און גערױנגל
װעט פרײַ זײַן
דאָס ייִדישע פאָלק!
קומט, לאָמיר גײן
צום פײַן און צום קאַמף!

(שטאָט־פּלאַץ. אַ מענטשן־געזאַמל. אַלע קוקן אַרױס דערװאַרטנדיק־צערודערט צום מיטן פּלאַץ, װוּ עס שטײט אַ מאַר־מאַרמאָנומענט מיט אַ מזבח דערבײַ. אױף דעם מזבח ברענט אַ פײַער. אַ גריכישע מיליטערישע גרופּע מיט אַן אָפּיצער. מתתיהו מיט זײַנע מענטשן דערנענטערט זיך צום אָפּיצער).

אָפּיצער:
— דו ביסט מתתיהו חשמונאי?

מתתיהו:
— איך בין מתתיהו חשמונאי.
װאָס װילסטו האָבן פֿון מיר?

אָפּיצער:

— זיך קניִען און בוקן זאָלבטו
צו אונדזער גריכישן גאָט!
אין נאָמען פון אַנטיוכס דעם קיסר
באַפעל איך!
און ווען ניט...

מתתיהו:

— גריך! ניט דאָס ביסטו אויסן —
צו דיין גאָט זאָל איך דינען.
זיך קניִען און בוקן צו אים.
דו ווילסט, איך זאָל דינען
דיין קיסר
און אַ שקלאַף צו אים זײַן.
דו ווילסט,
דאָס יִדישע פאָלק
זאָל זיך בוקן צו אייך,
גלײַך ווי אַנדערע פעלקער עס טוען.
און אויס יִדישע פאָלק,
און אויס יִדישע לאַנד
וויל דײַן קיסר זאָל זײַן.
און ער מיינט אונדז באַהערשן

מיט גאָט און מיט בלוט...
גריך! אַ ייִד בין איך!
ייִדן מיר זיינען!
דאָס ייִדישע פאָלק
האָט זיך קיינמאָל געבוקט
און צו קיינעם!
אַפילו צו מעכטיקע הערשער!
געפאַנגען איז מערנישט,
באַצוווּנגען געוואָרן
איז מערנישט
דאָס ייִדישע פאָלק
און קיינמאָל
קיין שקלאַף ניט געוואָרן!
און קיינמאָל
קיין שקלאַף וועט ניט זײַן!
געפאַלן צום טויט
איז דאָס פאָלק,
ווי אויפשטענדלער פאַלן
אין בלוטיקן קאַמף!
און אייביק גערעכטע,
און אייביק די פרײַע!
אייביק וועט לעבן

דאָס ייִדישע פאָלק!
און צוואַנגשאַפט און פּיַין
וועט אים רופן
צום אויפשטאַנד!
פריַי וועט זיין אייביק
דאָס ייִדישע פאָלק
פון פריַיהיַיט, פון כבוד און ליבשאַפט
אַ פאָלק!
און דו
מיט דיין קיסר
פאַלן וועט איר
און גליַיך אויפן אָרט.

**(מתתיהו כאַפּט אַרויס זיין מעסער און דערהאַרגעט דעם גריכישן אָפּיצער. עס טוען אים נאָך די זין זיינע און דער־האַרגענען די גריכישע זעלנער).**

מתתיהו (צו די פאַרזאַמלטע):
— און איר, ברידער מיַינע,
זאַמלט זיך אַלע אינאיינעם
און קומט, גייט אַרויס
צו דעם שונא אַנטקעגן!

מיט שווערדן באַוואָפנט
צו שלאַכט און געראַנגל
זיך שטעלן!
צו די בערג פון אפרים מיר גייען, —
זאַמלען זיך דאָרטן,
זיך באַוואָפענען דאָרט.
היימען און פעלדער פאַרלאָזט!
ווײַבער און קינדער פאַרלאָזט!
טרערן מיר וועלן זיי ווישן,
ווען אונדזער לאַנד
וועט זיך פרייען
אין פרײַהײַט און פרידן.
בריוו זאָל מען שיקן
צום פאָלק פון ישראל —
זאָלן זאַמלען זיך אַלע,
אַלע און אל!
צו שלאכט און געראַנגל
קעגן באַהערשער!

*

**(אין די ברעג פון אפרים. מתתיהו מיט**
**זײַן מחנה נאָך אַ שלאכט).**

מתתיהו:

— נאָך אַ שטאָט אַ באַפרײַטע...
די גריכן אַנטלויפן
פון ייִדישע שווערדן.
באַפרײַען דאָס לאַנד
וועלן מיר
מיט ייִדישער גבורה און מוט.
אונדזער לאַנד!
אונדזער היים!
נצחון עס קומט צו גערעכטע.
גבורה עס קומט צו אַ פאָלק,
וואָס פרײַ זיין עס וויל.
ס'פאַלט די שווערד ביי אַ פאָלק,
וואָס עס פאַלט אים
זיין שטאָלץ.
ס'פאַלט ביי אַ גבור די שווערד
מערנישט ביי זיין הויך
ביי דעם לעצטן
אין דער בלוטיקער שלאכט.
ניט זיי שטאַרבן, —
עס פאַלן גבורים.
ברידער מיינע, סאָלדאַטן!

קומען דער טאָג וועט
און באַלד,
דער טאָג דער געגאַרטער,
מיר וועלן זיין פרייַע
אין אונדזער פרייַ לאַנד.
און די שווערד, —
פון נצחון
די פאָלקישע שווערד
וועלן קינדער און אייניקלעך קלעמען
בירושה פון אונדז
און שאַרפן און שלייפן
אויף אייביק און הייליק.
און ייִדישע שטאָלץ
זאָל ניט אונטערגיין קיינמאָל!

אַ זעלנער:
— מתתיהו־פירער!
דערקלער מיר, איך בעט דיך:
וואָס גייסטו דער ערשטער אין שלאַכט
בייַם שטורמישן אָנגריף פון מחנה?
דו, ווען דו פאַלסט,
בלייַבן סאָלדאַטן אליין

אָן אַ פירער!

מתתיהו:

— יעדער איינער פון אונדז
איז אַ פירער!
און איך
בין איינער פון אונדז.
מײַן האַרץ רופט מיך גיין,
מײַן פאָלק רופט מיך גיין
דער ערשטער אין שלאַכטן.
איך בין זיכער אַליין,
ווען איך רוף אייך נאָך זיך,
ווען איך מוטיק דעם וועג,
כ׳וועל ניט בלייבן אַליין, —
נאָך מיר
גבורים וועלן גיין.
און דאָך...
ווען די שווערד
ביי מיין הויך ביי מיין לעצטן
אין שלאַכט
זי פאַלט פון מײַן האַנט,
זאָר דער נאָכגייער מײַנער

דער ערשטער
זיין אַ פירער דער מחנה.
און מײַן שווערד
באַהאַלטן אין קבר מיט מיר
אין דער ייִדישער ערד
איר אייגנס איז דאָס,
איר באַשיצער איז שווערד
אין די ייִדישע הענט.
שווערדן וועלן רוען
אין אונדזערע קברים,
שווערדן וועלן רופן
צו שלאַכטן זיך שטעלן
פאַרן ייִדישן כבוד,
פאַר ייִדישע לעבנס,
פאַרן ייִדישן פאָלק,
פאַרן ייִדישן לאַנד!

* * *

(אַ הייל אין די בערג פון אפרים. עס קומען אַריין סאָלדאַטן פון דער פאָלקס־אַרמיי. פיל פון זיי זיינען צעבלוטיקט, פאַרבונדן. אַלע — פאַרטרויערט. מען

**טראָגט אַרײַן אויף די הענט מתתיהו חשמונאי און מען לייגט אים צו דער ערד. זײַן העמד איז רויט פון בלוטי־פלעקן. ער אָטעמט שווער און כאַפּט לופט).**

מתתיהו:

— דער שונא, ווייזט אויס,
האָט געפּרוּווט אונדזער כוח...
זיינע צוויי הונדערט...
און אונדזערע פּופּציק...
אַנטלאָפן זיי זײַנען
פון אונדזערע שווערדן...
ברידער מיינע, סאָלדאַטן!
ניט דער לעצטער נצחון
איז דאָס...
בלוטיקע שלאַכטן
עס וועלן נאָך אויפשטיין...
איז געדענקט:
פאַרמאָסטן זאָל בלייבן די שווערד
קעגן שונא
אין אייערע קרעפטיקע הענט

ביז דאָס לאַנד
באַפרײַען װעט איר.
און דערנאָך... אינאײנעם...
װי ברידער... װי ייִדן...
מיט אײַך
מײַן נשמה װעט שװעבן...
און איר, מײַנע זין,
הערט מיך אױס:
שמעון, דער עלטסטער ביסטו,
דער באַזיניקסטער ביסט...
מיט חכמה און עצה זאָלסט העלפן...
אַ האַרציקער יועץ זאָלסט זײַן
דײַנע ברידער
און צו אַלע סאָלדאַטן...
פאַרן ייִדישן פאָלק...
גערעכטיקײט, רעכט
זאָלסטו היטן
און ליבשאַפט און כבוד
פאַר מענטשן געמײנע...
װאָס אַקערן, זײען און שנײַדן
און שאַפן און בױען און טוען
מיט זײערע אײגענע הענט...

און אויסמײַדן אומרעכט...
און געדענקען זאָלסטו:
רעכט איז דאָס,
וואָס באַשאַפֿן דער מענטש האָט
אַליין, מיט זיין אייגענער האַנט
און פֿון קיינעמס מיט גוואַלד ניט גענומען...
רעכט איז דאָס,
וואָס ס׳איז ווויל פֿאַרן פֿאָלק,
פֿאַרן לאַנד...
אומרעכט איז דאָס,
וואָס ס׳איז שלעכט פֿאַרן פֿאָלק,
פֿאַרן לאַנד...
אומרעכט איז פֿרעמדע,
גענומען מיט גוואַלד.
און היטן דאָס לאַנד
ווי די נשמה,
ווי די אויגן אין קאָפּ!..׳
דו, מיין יִינגסטער, יהודה,
אַ לייב צווישן לייבן ביסטו...
דער פֿירער און לייטער זאָלסט זיין
איבער אונדזער אַרמיי...
און געדענקען זאָלסטו:

אין בלוטיקע שלאַכטן,
אין שטורמישן אָנגריף
דער ערשטער ביסטו
מיט פאַרמאָסטענער שווערד
צו דעם שונא,
און נאָך דיר,
נאָך דיין שווערד
נאָך דיַין רוף
זאָלן גיין די סאָלדאַטן...
דיינע די ברידער...
די אַרמיי זאָלסטו פירן
דער ערשטער... אין שלאַכטן...
און נאָך מיר
קיין טרער ניט פאַרגיסן...
עס וויינען ניט העלדן
איבער געפאַלענע טאַטעס און ברידער...
און הערצער געקרעפטיקט זאָלן זיַין
ביַי ישראל די העלדן!...

* * *

**(די זעלביקע הייל אין די בערג פון**
**אפרים. ביַי אַ פיַיערל זיצן, שטייען,**

**ליגן סאָלדאַטן פון דער ייִדישער פאָלקס־**
**אַרמיי).**

**סאָלדאַט:**

— האָט יהודה געוואָרנט
איידער דער שלאכט:
גריכן — אין צען מאָל מערער...
— אין גבורה איז גאָרנישט?
— זיי — די געראונגענע זיינען, פאַרקויפטע
און מיר —
פאַרן לעבן און לאַנד
גייען מיר.
— מענטשן פון פאָלק זיינען מיר.
— ער איז דער פאָלקס־מענטש, יהודה...
— און געוואָרנט האָט ער:
— ווי נאָר טאָגן וועט נעמען,
און קוים דער הימל וועט גרויען,
לאָזט ער הערן אַ רוף,
זיין יהודהשן רוף:
צום שטורמישן אָנגריף —
פאָרויס!
און ניט וואַרטן

ביז וואַנען דער שונא
ווערט באַפֿאַלן דער ערשטער.
— און איידער דעם שטורמישן אָנגריף,
איידער דאָס האַרץ האָט צערודערט
צום פֿלאַמיקן רים
געלאָזט הערן
האָט אונדזער יהודה:
— ווער נאָך דער חופּה אַוועק איז
צו אונדזער אַרמיי
און זיין ווײַב ניט דערפֿרייט,
זאָל זיך קערן אַהיים.
ווער אַ הויז האָט געבויט
און ניט באַנייט האָט ער עס,
זאָל זיך קערן אַהיים.
וועמען געפֿאַלן די מוט איז
און דאָס אייגענע לײַב
טײַערער איז פֿונעם לאַנד,
זאָל ער זיך קערן אַהיים.
און דאָך איז קיינער אַוועק!
עס האָט זיין רוקן
קיינער געשטרעקט אונדז!
און אַלע ביז איינעם געבליבן!

— און אין שלאכט
קיינמאָל איך זע ניט יהודן.
איך הער אים,
ערגעץ פאַרנט,
זיין לייבן־רוף הער איך:
— ברידער, מיט מיר
און צו מיר קומט!
אין דעם בלוטיקן שטורעם
עס פאָכעט די שווערד אַרום אים,
זיין יהודהשע שווערד,
און שונאים עס פאַלן אַרום...
אונדזער יהודה!
דער לייב צווישן לייבן!

**(עס קומט אַריין יהודה און זעצט זיך צו צום פײַערל אינאיינעם מיט די סאָלדאַטן).**

**יהודה:**

— ניין! ניט יהודה איז איינער.
וואָס איז יהודה אַליין!
ווען ניט איר,
מיינע ברידער...
ווען ניט אַלע אינאיינעם.

סאָלדאַט:

— יהודה־פירער!

דערלויב מיר צו פרעגן.

יהודה:

— פרעג, מיין ברודער.

מיר זיינען אַלע סאָלדאַטן

און גלייַכע מיר זיינען.

סאָלדאַט:

— פון וואָס טרוימסטו, יהודה,

צווישן צווי שלאַכטן?

יהודה:

— ברודער מיינער!

עס פאָנגט מיך איין טרוים,

איין געדאַנק האַלט מיך אָן:

מאָרגן אין שלאַכט

נאָך איין נצחון,

דער לעצטער,

זאָל שייַנען

צו אונדזער אַרמיי.

און פרײַ זײַן
און גליקלעך
װעט אונדזער פֿאָלק,
אונדזער לאַנד.

**סאָלדאַט:**

— יהודה־פּירער!
דו טרויערסט נאָך װעמען?
בענקסטו נאָך װעמען?

יהודה:

— נאָך די גבורים איך טרויער,
װאָס זײַנען אין שלאַכטן געפֿאַלן.
און איך בענק
נאָך יענע פּאָר אויגן,
די מיידלשע אויגן פֿאַרטרוימטע,
װאָס רופֿן מיך קומען צו זיי
און װאָס װאַרטן אויף מיר.

**סאָלדאַט:**

— און איך בענק נאָך מײַן מאַמען.
אַ האַרציקע איז זי,

מיין מאַמע,
און איך אַ בן־יחיד ביי איר.
אַ יתום געבליבן.
עס האָבן מײַן טאַטן
די גריכן דערהאַרגעט.
וויינט זי, מײַן מאַמע,
און איך וויל וואָס גיכער
אַהיים
און טרייסטן זי וויל איך,
מײַן מאַמען.

סאָלדאַט:
— און איך בענק נאָך מיין היים,
נאָך מיין ווײַב און מיין קינד,
און אַקערן וויל איך מיין פעלד,
ווײַל ליב האָב איך
רוי־ערד ביים אַקער,
און זייען און שנײַדן
און פירן די גאַרבן אַהיים.
און קיין הענקערשער פוס
זאָל ניט טרעטן מיין לאַנד
און ס'זאָל קיין מלחמה ניט זיין.

סאָלדאַט:

— און איך האָב שעפּעלעך ליב,
מיין לעבן זיי זיינען.

יהודה:

— באַפרייען דאָס לאַנד
וועלן מיר
און דערנאָך
אַקערן, זייען און שניידן
און פּיטערן שאָף,
און ליבן וועלן מיר,
פריי ברידער
און פריילאַנד אין אונדזער

## ירושלים

(ירושלים. פלאַץ בײַ דעם פּאַלאַץ פֿון מלך אַגריפּוס דעם צווייטן. אַ מאַסן־געזאַמל פֿון אויפֿגערודערטע, אויפֿגע־בראַכטע, צעטומלטע מענטשן. אַ געוויין פֿון ווײַבער און קינדער. אויסגעשרייען, אויסרופֿן).

שטימען:
— צעבלוטיקט, צעפּײַניקט
האָט אונדז דער רוימער!
וועגן און שטעגן
געפּלאַסטערט מיט בלוט!
— מתים, פֿאַרברענטע אין הײַזער!
— פֿעלדער און גערטנער צעטראָטן!

— אַלמנות, יתומים פּאַרוויסטע!
— די בלוטיקע שווערד
איבער אונדזערע קעפּ!
— אויס פאָלק
און אויס לאַנד!
— קיין מענטשן קיין פריַיע
מיר זיינען ניט מער!
מערנישט לייַבקנעכט
ביים רוימישן מערדער!
— ווו זיַינען גבורים?
אונדזערע העלדן ווו זיינען?
וואָס שוויַיגן די קעמפּער?
וואָס שטומען די מוטיקע יונגען?
— ווו איז יידישער כוח?
און ווידערשטאַנד ווו איז?
— פון קיסריה מיר קומען.
זיינע כוחות עס זאַמלט
דער רוימער.
גרייט צו באַפאַלן אונז איז ער.
די שטאָט צו באַצווינגען,
דאָס לאַנד צו באַהערשן,
אונדזער הייליקייט שוועכן,

אונדז פאַרשקלאַפן ביז איינעם.
צעטרעטן, צעקוילען, צעברענען,
ווי די רוימער עס קענען!
ווי די מערדער עס טוען!
— און ווו איז דער מלך?
אַגריפּוס איז ווו?
ווו זיינען הערשער און פירער!
ווער שטייט ביי אונדז היינט
פאַרן יידישן פאָלק?
די ממשלה ווער האַלט?
און ווער איז דער זאָרגער פאַר יידן?

**אלעזר בן חנניה:**
— אין רוים זיצט ער דאָרטן,
דער יידישער מלך אַגריפּוס!
אַ לייבלעכער פריינד
מיט די רוימער געוואָרן.
טאָגן און נעכטיקן טוט ער
אין רוימישע הייזער,
ווו פריילעך און לוסטיק עס איז.
קיין יידישער מלך ער איז!
צוליב מאַכט,

צוליב לוסט

ער פאַרקויפט אונדזער פאָלק
צו די רוימער!
אונדזער לאַנד
צו אַ רוימישער נחלה
געשאָנקען האָט ער.
ניט קיין מלך, —
אַ פאַררעטער איז ער,
אַ שונא ישראל!
און דאָ, אין לאַנד,
זיינע משרתים געטרייע
האָט ער געלאָזן,
זיינע באַהעלפערם די ריַיכע!
איבער אונדזערע לעבנס,
איבער אונדזערע קעפּ
זיינע הערשער געשטעלטע.
און זיי אויך
מיט די רוימער זיי גייען
אינאיינעם
קעגן אונדז,
קעגן פאָלק דעם געמיינעם!
מיט אונדזערע לעבנס

ביי די רוימער זיך קויפן
זייערע לעבנס,
זייערע גיטער,
זייער מאַכט איבער אונדז.
און מיר,
די קנאים,
די זין די געטריַיע
פון ייִדישן פאָלק
דעם געמיינעם,
די היטער און שיצער
פון ייִדישן לאַנד,
פון ייִדישער פריַיהיַיט און רעכט
די מוטיקע קעמפער, —
מיר רופן צו איַיך,
צו די מענטשן געמיינע:
— מיט אונדז קומט!
צו אונדזערע מחנות!
צום געראַנגל זיך שטעלן
קעגן פירפאַכן יאָך:
קעגן רוימישן מערדער,
קעגן מלך־פאַררעטער,
קעגן אייגענע הערשער,

קעגן אָרעמקייט, נויט!
זיך גרייטן צום קאַמף,
צום געראַנגל זיין גרייט,
צו בלוטיקע שלאַכטן
אויף לעבן און טויט!

(פלוצלונג צעפּראַלן זיך די טויערן פון פּאַלאַץ פון הויכע טרעפּ אַראָפּ דער־שײַנען צו די פאַרזאַמלטע דער מלך אַגריפּוס, באַגלייט פון אַ לײַב־וואַך. עס גייען אים נאָך מיניסטאָרן, סנהדרין, דער כהן גדול, מיליטער־פירערס).

מלך אגריפּוס:

— איך, אַגריפּוס דער צווייטער,
פון פאָלק ישראל
דער מלך געזאַלבטער,
אַרויס בין צו אײַך,
צו מיין יידישן פאָלק,
מיט מיין וואָרט
אַזוי צו זאָגן:
צו מיר איז דערגאַנגען
די שטים פון מיין פאָלק,

פון זיינע פאַרבלאָנדזעטע זין,
וואָס רופן דאָס פאָלק
צום בלוטיקן אויפשטאַנד
קעגן די רוימער,
און קעגן דער מאַכט
פון ישראל.
איך —
מלך אַגריפּוס דער צווייטער —
רוף אײַך
און וואָרן
און באַפעל אײַך:
זיך ניט לאָזן פאַרפירן
פון פאַלשע נביאים!
צו מפלות צו שווערע
זיי וועלן אײַך פירן.
איך באַפעל אײַך:
זיך קעגן ניט שטעלן
די רוימער!
דער מעכטיקער רוימישער מאַכט
ניט ווידערשפעניקן
זאָלט איר!
איר וועט פאַלן באַהערשטע,

דערטרונקען
אין אייגענעם בלוט!

אלעזר בן חנניה:
— דו העלפסט די רוימער
אונדז דערטרינקען אין בלוט!
דו און דײַנע!
פֿאַררעטער זייט איר
קעגן ייִדישן פֿאָלק!

אגריפּוס:
— איך, אגריפּוס דער צווייטער,
פֿון ישׂראל דער מלך,
זאָג צו דעם ייִדישן פֿאָלק:
בעסער צו זײַן אונטערטעניק
איידער צו פֿאַלן דערהאַרגעט.

אלעזר בן חנניה:
— בעסער צו פֿאַלן אין שלאַכטן,
איידער צו פֿאַלן געקוילעט
פֿון רוימישע שווערדן
אין אייגענע הײַזער!

**אגריפּוס:**

— איך, אַגריפּוס דער צווייטער,
פון ישראל דער מלך,
וואָרן דאָס ייִדישע פאָלק:
גאָט האָט געהאָלפן די רוימער
אײַננעמען וועלטן.
גאָט וועט זיי העלפן
אויך ווײַטער...

**אלעזר בן חנניה:**

— אונדזער גבורה און מוט
וועט אונדז העלפן!
אונדזער געטרײַשאַפט
צום פאָלק און צום לאַנד
וועט אונדז פירן!
און דו —
גיי צו די רוימער
און העלף זיי
קעגן ייִדישן פאָלק,
ווי עס טוט אַ פאַררעטער!
פאַרלאָז אונדז!
ווען ניט —

דער צאָרן פון פאָלק
וועט זיך טרײַבן פונדאַנען
ווי אַ בלוטיקן שונא!
און דו, פאָלק מיינס,
מיין ייִדישע פאָלק,
הער אונדז צו,
די קנאים
צעברעכן די מאַכט וועלן מיר
פון פאררעטערס די רײַכע!
דאָס פאָלק דאָס געמיינע
דער הערשטער וועט זיין!
און פון יונג
און ביז אַלט,
ווער אַ שווערד נאָר
עס האַלט,
ווער אַ ייִד
און אַ מענטש איז,
ווענען הייליק דאָס דאַנד איז,
ווענען ס'רודערט דאָס האַרץ
פאַר דעם ייִדישן בלוט,
ווענען ס'צאָרנט דער פײַן
פון דעם ייִדישן פאָלק, —

צו שלאכטן זײַט גרייט!

שטימען:

— גערעכט!

צו שלאכטן זיין גרייט!

— גערעכט איז אלעזר!

שמעון בן גמליאל:

— מורדים זײַט איר

במלכות ישראל!

אין רוימישן קיסר

די מורדים!

פון גאָט פון ישראל

וועט פאַלן די שטראָף

אויף אייערע קעפּ!

דער סנהדרין

קערט אָפּ

פון אײַך!

ענן:

— איך,

דער כהן גדול,

וואָרן אייך:

אין בית־המקדש די שכינה וואָס רוט,
אָפּקערן טוט זיך
פון אײַך,
פון די מורדים!
ווײַל געזינדיקט האָט איר
קעגן גאָט,
אונדזער גאָט!

## טבריה

שטאָט־פּלאַץ. אַן אומרו־געשאַל פון
טרומייטן, וואָס רופט די באַפעלקערונג
צום געזאמל. דער געשאַל ווערט וואָס
אַ מאָל אלארמירנדיקער. אַ גיכער שפּאַ־
נען פון מענטשן צום פּלאַץ. אויפן פּלאַץ
שטייען צוויי מענטשן, ניי־געקומענע,
פרעמדע. באַלד נעמען זיי ריידן צו די
פאַרזאַמלטע, אײַליק, איבערגעכאַפּט
איינער דעם צווייטן).

דער ערשטער:
— ברידער!
ברידער פון טבריה!
פון ירושלים

צו אײַך
מיר זײַנען געשיקט...
צו די מענטשן פון טבריה
און פון גליל די שטעט...

דער צווייטער:
— עס האָבן געשיקט אונדז
די פירערס פון פאָלק
אלעזר בן חנניה
און אלעזר בן שמעון
און אײַך זאָגן געהייסן
און אײַך רופן געבעטן...

דער ערשטער:
— זײַנע כוחות עס זאַמלט
דער רוימער
די שטאָט צו באַפאַלן...

דער צווייטער:
— צו באַלאַגערן זי,
צעברעכן, צברענען...

דער ערשטער:

דעם בית-המקדש פֿאַרשוועכן...

דער צווייטער:

— אין גלות פֿאַרטרײַבן דאָס פֿאָלק,

צעטרעטן דאָס לאַנד...

דער ערשטער:

— האָט מיט צאָרן געענטפֿערט

דאָס פֿאָלק פֿון יהודה:

שלאָגן זיך

קעגן די רוימער

וועלן אונדזערע אַלע

פֿון יונג

און ביז אַלט

ווער אַ שווערד נאָר

עס האַלט, —

פֿאַר ייִדישע בלוט,

פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק,

פֿאַרן ייִדישן לאַנד,

פֿאַרן ייִדישן כבוד,

פֿאַר פֿרײַהײַט און רעכט

דער צווייטער:

— רופן מיר אײַך
די מענטשן פון טבריה,
די לײַט פון גליל:
— ברידער מײַנע,
מיט שווערן באַוואָפנט,
צו ירושלים דער שטאָט!
צום געראַנגל שטייט אויף!
צו אַ בלוטיקער שלאַכט
קעגן דעם רוימער!
אַלע ביז איינעם
און אַלע אינאיינעם!
צו דעם גרויסן נסיון
שטייט אויף!

יוחנן בן לוי:

— ברידער מיינע,
מענטשן פון טבריה!
צום פאָלקישן קאַמף,
צום פאָלקישן אויפשטאַנד
עס רופן אונדז ברידער,

די מענטשן געמיינע,
אַזעלכע ווי מיר,
די קנאים,
די מענטשן פון פאָלק.
ניט דאָס אַליין,
וואָס עס האָבן געזאָגט
די שילוחים צו אונדז,
איז דער שווידער און צאָרן.
ניט דאָס אַליין,
וואָס עס פלאַקערן הײַזער
מיט יִדיש געביין,
מיט הרוגים אינאיינעם,
געקוילעט, פאַרפײַניקט...
ניט דאָס אַליין,
וואָס עס רודערט צו הימל
פון אַלמנות, יתומים געוויין...
ניט דאָס אַליין,
וואָס וויסט איז געוואָרן
דאָס לאַנד ווי אַ שטיין...
ניט דאָס אַליין,
וואָס די אייגענע הערשער
זוכן פרײַנדשאַפט און חן

פאַר זיך אַליין
ביי דעם רוימער צו קויפן
און געצאָלט
מיט דעם פאָלק דעם געמיין,
מיט דעם לאַנד,
אונדזער שיין...
ניט דאָס אַליין,
וואָס פאַרקויפט איז דער מלך,
דער נידעריק־קליין...
ניין! ניט דאָס אַליין!
מיר, קנאים געמיינע,
מיר ווילן,
און דאָס פאָלק זאָל פאַרשטיין:
ס'וועט ניט לאָזן דער רוימיר
אַ שטיין אויף אַ שטיין
פונעם לאַנד,
פונעם פאָלק,
ווען ביי בלוטיקע שלאכטן
דאָס פאָלק איז צעשיידט,
אוון מיר, די קנאים,
וועלן בלייבן אַליין.
איין וועג

און איין אויסוועג
שײַנט אונדזער פֿאָלק:
אַלע ביז איינעם
און אַלע אינאיינעם!
איז זאַמלט זיך, ברידער!
צו ירושלים מיר גייען
באַשיצן די שטאָט!
און די פֿאַרהיבענע שווערד
צו דער ערד
מיטן רוימער אינאיינעם
וועט פֿאַלן.
און שפּעטער, דערנאָך
און אויף ווײַטער
זאָלן ייִדישע זין
און אַלע ביז איינעם,
און אַלע אינאיינעם
קלעמען די שווערד,
ווען דער שונא באַטרעט
די ייִדישע ערד
און פֿאַרהייבן זיך הויך
ביז דעם שונאעם דעם לעצטן
פֿאַרצאַפּלטן הויך.

### ירושלים. באַלאַגערונג.

יוחנן בן לוי:

— ברידער מיינע, סאָלדאַטן,
פון שטאָט די באַשיצער!
באַלאַגערט מיר זיַינען.
און איינע אליין
די קנאים פאַרבליבן
אַקעגן דעם רוימער.
איינע אין שלאַכטן מיר שטייען.
דאָס פאָלק איז צעשיידט.
בר־גיורא באַזונדער
מיט זיין חיל עס שטייט
און עפּעס וואַרט ער אַרוים.
אַ הערשעריש גלוסט
צו דער מאַכט איבער אונדז
פון אונדזערע רייען
עס ציט אים אַרוים,
פון פאָלקישן קאַמף —
אין אַ זייט,
פון שלאַכטן — אַוועק
אין דער ווייט.

פון זייערע פענצטער די הויכע
פֿאַרשטומט און אָן רייד,
אונדז באַקוקן די רײַכע
מיט גיפטיקער פרייד
און וואַרטן, און וואַרטן
מיט פרײַנדלעכע רייד
צו באַגריסן די רוימער
אַלס פרײַנד און דערלייזער,
ווען ס׳פֿאַלן די ווענט,
און די שווערד פֿאַלט
פון אונדזערע הענט
און מיר...
אונדזער וועג
איז דאָס פֿאָלק,
אונדזער אויסוועג —
דאָס לאַנד,
אונדזער בענקשאַפט און טרוים,
אונדזער לעבן
איז דאָס לאַנד
און דאָס פֿאָלק
און ברידער די פרײַע.
און קעגן דעם רוימער

שלאָגן וועלן מיר זיך.
שפּײַז איז אונדז קאַרג,
אַ מאַנגל אין וואָפן,
און וועגט ניט באַפעסטיקט.
מערנישט גבורה און מוט
וועט אונדז ביישטיין.
און זאָל אונדזער שבועה
אין הערצער צעשאלן:
די שווערד,
פון דער האַנט די געקלעמטע,
וועט פאַלן
ביי דעם הויך ביי דעם לעצטן,
ווען מיטן לעבן
זיך שיידן וועלן מיר!
און אין שלאַכטן:
ביי די ווענט וועלן עלטערע שטיין, —
באַוואָפנט מיט פײַלן,
מיט פעך און מיט שוועבל.
און ביינאַכט
וועלן גבורים די יונגע
שטיל, אומגעריכט
צו דעם שונא אַרויס

דורך די ווענט
און ברעכן מאַשינען
און פלעטן די רוימער
רוקן און לענד
און געביין.
און געדענקען זאָלן מיר:
גבורים עם פאַלן
אין שלאכטן
און ניט געקוילעט
ווי שקלאַפן
פאַראַכטע!
ווי שאָף!

**ירושלים. באַלאַגערונג. מענטשן־געזאַצל.**

שטימען:
— שטילער איז היינט ביי די ווענט.
ניט צו הערן קיין קלעפּ
פון מאַשינען.
— שטילער. אַודאי!
יוחנן ברעכט זיי די ביינער

נאַכט איַין
און נאַכט אוים.
— אונדזער יוחנן!
מערנישט ער איינער
מיט זיַינע גבורים
און מער קיינער
ער שטייט אויף דער שטאָט.
— זאָל אים גאָט העלפן
און זיינע גבורים!
ווען ניט ער,
בלייבט עלנט די שטאָט.
די סיִקאָריִער,
די מעסער לײַט,
די יונגען פון שחיטה און רויב,
וואָס אין די טויזנטער זיַינען,
זיצן און וואַרטן
און קוקן אַרוים
אויף מאָרד און אויף רויב.
מיט זיין מחנה
פון טויזנטער גרויסע
עס זיצט בר־גיורא
פאַרזיך, באַזונדער

אין שאָטנס פוןביימער...
עס גייט אים ניט אָן
די באַלאַגערטע שטאָט,
דאָס צעבלוטיקע פאָלק,
דאָס געפּייַניקטע לאַנד.
ס׳איז פרעמד בר־גיורא
דעם פאָלק
און דאָס פאָלק
איז אים פרעמד.
קען דען אַ פרעמדע ארמיי
אַ באַשיצערין זיין?
— נאָך דער הערשאַפט ער לעכצט
בר־גיורא...
אַן אומריינער טרוים!...
— און די רייַכע?
די גאָלד־לייַט?
פון גיטער די הערשער,
פון קנעכט און פון דינסטן
אומזיסטע,
וואָס אַרט זיי דאָס פאָלק?!
און דאָס לאַנד איז זיי נייטיק
צוליב גלוסט, צוליב לוסט,

צוליב גאָלד, צוליב מאַכט,
צוליב קנעכט.
זייער פרייד
איז דער קלאַפּ
פון דער רוימער-מאַשין,
זייער טרוים זיינען רוימער.
פאַררעטער זיי זיינען!...
— און דאָך...
ביישטיין די שטאָט וועט,
אונדזער הייליקע שטאָט!
הלואי! און אָמן!
— אָמן! אָמן!
— הלואי זאָל זי ביישטיין!
— איר הערט? איר הערט?
טרומייטן און פּיַיפלעך!
— אונדזערע גייען!
די העלדישע יונגען!
וויַיזט אוים,
פון דער נאַכטיקער שלאַכט.
— מוט און גבורה צו אייך,
גבורי ישראל!
געבענטשט זאָלט איר זיַין

פונעם פאָלק פון ישראל!
פון דער הייליקער שטאָט!

יוחנן בן לוי:
— זײַט געבענטשט, ברידער מײַנע!
— זײַ געבענטשט יוחנן־פירער!
זאָג אונדז אָן!
אויף בשורות אויף גוטע
מיר וואַרטן
פון דיינע נצחונות!

יוחנן בן לוי:
— ברידער מיינע!
זײַט מוטיק,
ווי מיר זיינען מוטיק
פון ישראל די זעלנער.
נאַכט ווי נאַכט
און אויסער די ווענט
מיר ברעכן
די שטורעם־מאַשינען
דעם רוימערס
מיט די רוימישע ביינער

אינאיינעם.
און אזוי לאַנג
און אויך ווײַטער וועט אָנגיין,
ביז באַפרײַען די שטאָט וועלן מיר,
ביז באַפרײַען דאָס פאָלק וועלן מיר
פון רוימישער קנעכטשאַפט,
ביז ריין געוואַשן וועט זיין
אונדזער לאַנד
פון רוימישע בלוטיקע פּיס.

שטימען:
— הלואי! און געבענטשט!
— און מקוים זאָל ווערן
דיין וואָרט!
— זאָג אונדז,
דערצייל אונדז,
יוחנן־פירער,
און זאָל צו אונדז קומען דיין וואָרט!
איינער דו שטייסט אין דער שלאכט
און דו צאָרנסט און בענקסט,
וואָס לײַבלעכע ברידער
פאַרפרעמדן זיך איצט,

ווען עס פֿאַלט אין געפֿאַר
אונדזער היים.

יוחנן בן לוי:
— ניין! ניט איינער בין איך!
איר זייט מיט מיר,
דאָס ייִדישע פֿאָלק.
אין בלוטיקע שלאַכטן,
ווען עס רודערט דאָס האַרץ,
פֿיל איך און הער,
ווי אינאיינעם מיט מיר
גייט מיין ייִדישע פֿאָלק
און בלוטיקט אינאיינעם
מיט מיר
און טרויערט און פֿריידט זיך
אינאיינעם מיט מיר.
איז דען איינזאַם אַ מענטש,
ווען ער גייט מיטן פֿאָלק?
איז דער עלנט אַ מענטש,
ווען דאָס פֿאָלק איז מיט אים?
דען טרויערט אַ גבור,
ווען ער פֿאַלט פֿאַרן פֿאָלק?

מיט אײַך, מיט אײַך,
מײנע ברידער, בין איך!
און איך שווער אײַך:
ביז מײַן הויך
ביז מײַן לעצטן
װעט ניט פֿאַלן די שווערד
פֿון מײַן האַנט!

שטימען:
— געבענטש זאָלסטו זײַן,
יוחנן־פֿירער!
— מיט דיר
זײנען מיר אַלע!
דאָס פֿאָלק
איז מיט דיר!
— און ניט לאָז פֿאַלן
די שטאָט!
אונדזער הײליקע שטאָט
ירושלים!

יוחנן בן לוי:
— ניט פֿאַלן די שטאָט װעט,

כל זמן דאָס פאָלק שטייט
פאַר די טויערן אירע,
פאַרשקלאַפט וועט ניט ווערן דאָס פאָלק,
וואָס ראַנגלט זיך מוטיק
פאַר פרײַהײַט!
באַזיגן וועט קיינער דאָס פאָלק,
וואָס אינאיינעם זיך ראַנגלט!
קיינמאָל
און אייביק!

* * *

*ירושלים. שטאָט־פּאַלץ. אַ מענטשן־*
*געזאַמל. פאַרשמאַכטע, פאַרטרויערטע*
*פּנימער. שטיל ריידן.*

**שטימען:**
— די ווענט
עס פאַלן אַרונטער...
— עס פאַלן גבורים!...
עס זײַנען שוין ווייניק פאַרבליבן!...
— וואָס וועט זיין מיט דער שטאָט?!
— מיטן פאָלק וואָס וועט זײַן?

— מיטן לאַנד?...
מיטן בית־המקדש?...
— ווען ניט דער הונגער אין שטאָט...
— קינדער...
— קינדער פאַרשמאַכטע...
— אונדזער שטאָט!...
— אונדזער שטאָט די באַליבטע!...
— צעברענען, צעברעכן
וועט ער!...
— דעם בית־המקדש פאַרשוועכן!...
— הרוגים און חורבות...
און קנעכט... קנעכט...
— און ווו איז דער וועג
פון פאַרטריבענעם יִידישן פאָלק?...
— און דער אויסוועג איז ווו
פון קנעכטשאַפט צו פרײַהײַט אַרוים?
— צו דעם אייגענעם לאַנד,
צו דער אייגענער היים...
— און זאָל זײַן אַ הײַפעלע נאָר,
אַ ביסעלע מערנישט וועט בלײַבן
און אַבי נאָר אינאיינעם,
וועט אויפגיין דאָס פאָלק,

אויפקומען וועט
דאָס ייִדישע פאָלק
און דאָס ייִדישע לאַנד...
און דערווײַל...
און ביז וואַנען
מיר קומען צוריק,
אין האַרצן וועט בלײַען דאָס לאַנד...
און זאָלן כאָטש אייניקלעך אפשר
נאָך קומען אַהער,
און ווידער צעבליען
דאָס לאַנד וועט,
און שטאַרקן זיך ווידער
דאָס פאָלק וועט,
אונדזער ייִדישע פאָלק!...
— ייִדן! ברידער!
מקוים וועט ווערן!
מקוים וועט ווערן!

* * *

ירושלים. שטאַב פון יוחנן'ס מחנה.

**יוחנן בן לוי:**

— צײַט שוין דיר אפשר,
שמעון בר גיורא,
זיך אויפהערן קריגן
מיט אונדז
חדשים-לאַנג נאָכאַנאַנד?
צו דער מאַכט איבער אונדז
איז דײַן ווילן באַשטרעבט.
אַ הערשער ווילסט זיין,
און דערנאָך...
מיט סיקאָריִער אינאיינעם
האַקן אונדזערע קעפּ,
וואָס ווילן ניט זיין
אונטערטעניק
צו דיר,
צו דיין הערשאַפט אַליין...
און איך, דער קנאי,
דער מענטש פון מײַן פאָלק,
האָב געשוואָרן צום פאָלק,
אַז ווען אינאיינעם מיר זײַנען,

ווען אונדז קיינער באַזיגן,
ווען אַפילו דער רוימיר...
ניט דו, בר גיורא, —
דאָס פאָלק
איז דער הערשער
איבער זיין אייגענעם לעבן!...
און מיר, —
מיר שטייען צום פאָלקישן ווילן —
באַפרייַען דאָס לאַנד
פונעם רוימישן יאָך
און פון רוימישער שווערד.
קיין זעלבסטהערשער עס וויל ניט
דאָס ייִדישע פאָלק
און עס דאַרף ניט,
ווי אַגריפּוס אַזעלכע!...
און דו,
שמעון בר גיורא,
גייסט קעגן דעם פאָלק!
דו פאַרמעסט זיך
אַ בלוטיקער הערשער צו זיין
איבער דעם פאָלק,
ווילסט הערשן מיט בלוט

איבער אים!...
און ווען דאָס פאָלק
האָט זיך קעגנגעשטעלט
צו דײַן בלוטיקן ווילן,
האָסט אים פאַרלאָזן,
האָסט אים פארראַט
ביי דעם לויער פון טויט
איבער אים!...
און איצט, בר גיורא,
באַזין זיך!
באַלאַגערט מיר זײַנען.
אונדזער איינהײַט ניט ברעך
פון דעם ייִדישן פאָלק!
שפּאַלט ניט
די הייליקע מוט
פון אונדזערע העלדן!
ניט שטער
דעם באַגײַסטערטן דראַנג
פון גבורים!
דערשטיק ניט
דעם מונטערן גײַסט
פון דער שטאָט!

די האָפענונג אירע
ניט טרעט!
הער זיך איַין,
ווי עס רודערט די שטאָט,
ווי גרויס איז
דער צער און צאָרן
איבער דיר, בר גיורא!
דו הערסט, ווי מען זאָגט:
— צו אַ פאַררעטער געגליכן
איז בר גיורא!
דו שטייסט אין אַ זײַט,
ווען עס פאַלן די ווענט,
ווען קינדערשע הענט
בעטן ברויט,
ווען גבורים זיך ראַנגלען
אויף לעבן און טויט!...

**שמעון בר גיורא:**
— יוחנן ליבער!
איך זע שוין!
מײַן טעות מײַן גרויסן איך זע!

יוחנן בן לוי:

— דו זעסט נאָך ניט, שמעון,
און דו פילסט נאָך ניט אַלץ
פון דײַן שטײַן אין אַ זײַט
צוויי יאָר נאָכאַנאַנד
ניט באַפעסטיקט די שטאָט,
ניט באַזאָרגט זי מיט שפּײַז,
מיט געווער צו גענוג
ניט באַוואָרנט!
געפעלשט האָסט אין פאָלק,
פאַרראַטן האָסט אים!
דו הערסט?
הער זיך אײַן!
דײַן נאָמען מען רופט:
צום משפט עס רופט דיך
דאָס ייִדישע פאָלק!

שמעון בר גיורא:

— יוחנן ליבער!
געזינדיקט האָב איך
קעגן ייִדישן פאָלק!
און הײַנט!...

מיין לעבן, מיין גוף און נשמה
איך ברענג
פאַר דעם ייִדישן פאָלק!
און איך שווער:
מיט מײַן בלוט
וועל איך וואַשן מײַן שולד!
גיב מיר דיין האַנט,
יוחנן ליבער,
זי צום האַרצן כ׳וועל דריקן,
און איך בעט:
מוחל זײַן מיר!
פאַרגיב מיר מײַן שולד!

יוחנן בן לוי:
— איך בין דיר מוחל,
שמעון בר גיורא.
דאָס ייִדישע פאָלק
וועט ניט מוחל זײַן דיר —
פאַר שפּאַלטן
די ייִדישע איינהײַט,
פאַר אַנטלויפן פון שלאַכט,
פון פאָלקיש געראַנגל,

פאַר זיך צו באַשיצן אַליין
אין שאָטנס אין פרעמדע
וועט קיינמאָל ניט פאַרגעבן
און קיינעם
דאָס ייִדישע פאָלק!
גיי, בר גיורא, צום פאָלק
און הער צו
וואָס דאָס פאָלק וועט דיר זאָגן.
און וויסן זאָלסטו זיין:
פון רחמנות עס האַלט ניט דאָס פאָלק,
ווען מען סאַרראַט אים.

* * *

ירושלים, שטאַב פון יוחנן'ס מחנה.

**עסטאַפעט:**
— יוחנן פירער!
פריידיקע נייעס:
עס האָט בר גיורא וויסן געהייסן:
זיינע צוויי מחנות
פון זעקס טויזנט מאַן
זיינען פלוצלונג באַפאַלן

**היינטיקע נאַכט**

די שטורעם־מאַשינען
און שלײַדער־מאַשינען
די רוימישע
און טויזנטער רוימער
געשלאָגן צום טויט.
מערנישט...
אַליין בר גיורא...
מען טראָגט אים אַהער...
אויף די הענט...
מיט בלוט גייט ער אָפּ...

* * *

**שמעון בר גיורא:**
— יוחנן ליבער!
איך בין שוין געזונט
און גיי ווידער
צו שלאַכטן.

**יוחנן בן לוי:**
— הער אוים, בר גיורא!
מיר האַלטן בײַם אָפּגאַנג...

דער הונגער
עם ברעכט אונדז
פיל שטאַרקער
פון שטורעם-מאַשינען.
פאַרשמאַכט איז דאָס פאָלק,
פאַרשמאָסט זיינען זעלנער,
די גבורים די לעצטע,
וואָס שטייען נאָך שטאַרק.
ארום בית-המקדש
שטיין וועלן מיר
און האַלטן די לעצטע,
די בלוטיקע שלאַכט.
מיך אַרט ניט פאַר זיך...
מיך אַרט פאַרן פאָלק,
פאַר די סאָלדאַטן מיך אַרט...
וועלן מיר שטיין די ערשטע, —
מיר ביידע...
מיט אונדז — די סאָלדאַטן,
מיט אונדז איז דאָס לאַנד,
מיט אונדז איז דאָס פאָלק,
פרייהייט מיט אונדז איז.

**שמעון בר גיורא:**

— יוחנן ליבער!
לאָז מיך פאַלן אין שלאַכט
אינאיינעם מיט דיר!

**יוחנן בן לוי:**

— קום שמעון!
עס גרײַפן די רוימער...
מיט אונדזערע לעבנס
בלײַבן זאָל שטיין
די הייליקײַט אונדזערע
זיכער און ריין!...

**שמעון בר גיורא:**

— יוחנן!... יוחנן!...
דער בית-המקדש עס ברענט!...
גבורים! אין פײַער אַרײַן!...
ניט לאָזן!...
ניט לאָזן!...

**רוימישע זעלנער:**

— יודעאַ דעוויקטאַ!

— יודעַ קאַפּטאַ!

**שמעון בר גיורא:**

— ניין! ניט געפאַנגען!...
ניט באַהערשט!
מיַין שווערד
איז מיט מיר!...
מיַין שווערד!
מיַין פאָלק!
מיַין לאַנד!...

# דער אָדלער־באַרג

אלעזר בן יאיר:

— ווען עס פאַלן די שטיינער די לעצטע
פון באַלאַגערטע ווענט,
ווען עס פאַלן גבורים די לעצטע
מיט די שווערדן
געקלעמטע אין הענט
ביי דעם הויך ביי דעם לעצטן...
ווען ציטער פון ליפּן:
— פאַר דער הייליקער ערד!
פאַר דער יִדישער ווערד!
ליפּן,
מיט בלוט און נקמה באַשווערט...
ווען דורך פייַער און גרויל
פון געהלשטן מויל

אַ רוף און אַ ווענד:
— אַ רעטונג!
— אַ רעטונג!
דורכ לעכער פון ווענט, —
קום, מײַן געראַטעוועט פאָלק,
דאָס ביסל דאָס לעצטע,
מיט צערודערטן בלוט
קום אויף לעבן און טויט
צום ווידער־געראַנגל דעם לעצטן!
קום צו מצדה אַרויף,
צום אָדלער־באַרג קום!
צו מצדה — דער וועג איז, —
ביז צו די וואָלקנס די לײַכטע
אַרויף און אַרויף!
ס׳הענגען דאָרט שטיינערנע ווענט, —
ס׳איז צו דעם הימל דערלאַנגען
מיט אייגענע הענט.
ברויט און וואַסער — גענוג,
און ברידער וועלן העלפן.
און קלעקן וועט מוט,
ייִדישע מוט,
אָדלעריש מוט,

פון דער הייליקער שטאָט נאָך,
וואָס רודערן טוט.
ס'פלאַקערט אין הערצער
אונדזער הייליק באַשוווער:
פאַרן פאָלק!
פאַרן לאַנד!
זאָל ניט פאַלן
די שווערד
פון דער האַנט
ביז דעם הויך
ביז דעם לעצטן!

**שטימען:**

— מיט דיר, אלעזר!
— מיט דיר, בן יאיר!
— גיין וועלן מיר!
— פאַלן אין שלאַכט
און ניט אויסגיין צעטראָטן
פון דער רוימישער מאַכט!
— צו מצדה!
— צו מצדה — דער וועג איז!
— צום אָדלער-באַרג

איז אונדזער וועג!

* * *

**אלעזר בן יאיר:**

— צוויי שטעגעלעך שמאָלע
ווי שלאַנגען זיך דרייען
צו די הויכן אַרויף.
אַ מענטש נאָך אַ מענטש, —
און פּוסטריט זאָל גיין.
פּוס-אײַן
און פּוס-אויס.
און געהיט זאָל מען זײַן.
פּיס און הענט זאָלן קלעמען
אין צווײַגן און וואָרצלען
די ערד
און ציען און שלעפּן נאָך זיך
אַל די געליבטע,
די האַרציקע, טרײַע
ווײַבער און קינדער,
טאַטעס און מאַמעס
די אַלטע, די שלאַפּע,
און העלפן אַ חבר אַ מידן,

און אַלע — אינאיינעם.
מיר זײַנען דאָך ייִדן!
אַ געזינדל — נישקשה! —
טויזנט מאָן אַלע.
און ווי גאָט וועט געבן,
אַזוי וועט מען לעבן!
און קענן די רוימער...
קײַן שלײַדער-מאַשינען —
מיר האָבן זיי ניט.
מערנישט הענט פון גבורים,
מערנישט הערצער צעפּלאָמטע,
וואָס שטאַרקער זיי ברעכן
פון אַלע מאַשינען..
מיר וועלן זיך ראַנגלען
דאָ, אויף דעם באַרג פון די אָדלערס,
מיר, די פאַרבליבענע אָדלערס,
זיך אָדלעריש ראַנגלען
מיט אָדלעריש מוט.

* * *

**אלעזר בן יאיר:**
— ברידער מײַנע!

אויף די ווענט,
אויף די פעלדזן די הויכע
שטיין ווען בלייַבן
די עלטערע לייַט,
צילן מיט שטיינער,
מיט פייַלן צעפלאַמטע
אַראָפּ צו די רוימער
ווייַבער און קינדער
ווען צוטראָגן שטיינער
צום שיסן
און היילן די קראַנקע,
בינדן די וווּנדן.
און מיר,
די גבורים די יונגע,
דורך לעכער און שפּאַלטן
צו די רוימער
אַרויס וועלן מיר
נאַכט ווי נאַכט
האַקן מיט שווערדן
די רוימישע שאַרבנס
און ברעכן מיט אייַזנס
די שלייַדער-מאַשינען.

און נאָך וויל איך זאָגן...
די קינדער... זאָלן עסן צוזאַמען...
און טרינקען צום ווילן...
און מיר... צו ביסעלעך נאָר...
יעדן טאָג...
ביז צו הילף וועלן קומען
ברידער צו אונדז
פון יהודה.

* * *

פּאָלק. מאָלדאַוון.

**שטימען:**
— שטעגן פאַרהאַקט
און פאַרמויערט מיט שטיינער
מיט די פעלדן באַגלייך
וואָס זיי הענגען אַראָפּ.
פעלדזן — די ווענט.
ציטערט אַ רוימישער פוס
צו פאַרמעסטן זיך
העכער אַרויף.
און ווען ער באַטרעט

אונדזער שטעג,
אין זײַן ברוסט
אים עס שטעקט
אַ ייִדישע פײַל,
און אויף צוריק
און אַנידער
ער פֿאַלט.
— עס העלפֿן קיין שטורעם־מאַשינען
דעם רוימער:
פֿון מצדה די פֿעלדזן
זײַנען געגליכן
צו ייִדישע העלדן...
— און אונדזער אלעזר,
דער פֿירער,
איז דען ניט קיין פֿעלדז?
— ער איז דען איינער
אלעזר בײַ אונדז?
און דאָס פֿאָלק,
וואָס מיט אונדז איז?
דאָס ייִדישע פֿאָלק,
וואָס הינטער די ווענט,
וואָס שטיצט אונדז

און מונטערט
און העלפן אונדז
גרייט איז?
— און באַלד וועט עס קומען,
און ברידער פון דאָרטן
וועלן אונדז קושן
און האַלדזן,
אונדז, די באַפרייַטע
— און אונדזער פאָלק דאָ,
די אַלטע און יונגע,
וואָס שמידן די פייַלן
וואָס ברענגען די שטיינער,
וואָס טראָגן און טוען,
באַהאָגלט
מיט רוימישע שטיינער?
— אונדזער ייִדישע פאָלק!
מען וועט אונדז
באַזיגן דען ווען?
— מערנישט...
גבורים עס פאַלן
פון רוימישע שטיינער
און שווערדן...

— און מיר?
מיר ברעכן דען ווייניק
די רוימישע ביינער?...
— און מיט ברויט און מיט וואַסער
ווי לאַנג וועלן מיר האַלטן?
— מיר וועלן זיך מיטלען! —
אַזוי האָט געזאָגט אלעזר. —
אונדזער גבורה איז שטאַרקער
פון ברויט און פון וואַסער.

* * *

**אלעזר בן יאיר:**
— ברידער מײַנע, סאָלדאַטן!
עס דויערן שלאַכטן,
און אָנגיין זיי וועלן.
עס ווייסן די רוימער פונלאַנג שוין
און פילן אויך איצט,
ווער ייִדן עס זײַנען.
זיי וועלן עס פילן
אויך ווײַטער.
געפעסטיקט, געפּרוּווט איז
אונדזער ייִדישער וועג

טויזנט יאָר נאָכאַנאַנד:
ס'איז די ייִדישע שווערד —
פֿאַרן פֿאָלק, פֿאַרן לאַנד!
און ניט קניִען זיך קיינמאָל,
ניט בוקן זיך קיינמאָל
פֿאַרן בלוטיקן הערשער!
און ביַי שלאַכטן
ניט וואַרטן ביז וואַנען
דער שונא באַפֿאַלט אונדז, —
אים באַפֿאַלן
די ערשטע וועלן מיר.
און אין שלאַכטן —
שטעלן דאָס לעבן
פֿאַרן ברידערשן לעבן
און פֿאַר דעם אַלעם,
וואָס טיַיער און הייליק
איז אונדז!
און היַינטיקע נאַכט,
ווי נעכטן און פֿריער,
ווידער צו שלאַכט, —
מיט שווערד, —

איבער רוימישע ביינער.
און מיט אײַזנס —
איבער רוימיש געווער.

* * *

פּרימאָגנס. סאָלדאַטן קערן זיך פון דער שלאַכט און ברענגען אַרײַן אויף די הענט געפאַלענע און פאַרווונדעטע חברים. צווישן די פאַרווונדעטע איז אויך אלעזר בן יאיר. סאָלדאַטן רינגלען אים אַרום. ווישן די טרערן. אַ פרוי פאַלט צו אים צו מיט געשטיקטן געוויין.

אלעזר בן יאיר:
— וואָס איז דאָס וויינען?
עס וויינען קיינמאָל סאָלדאַטן
איבער געפאַלענע העלדן!...
און גליקלעך בין איך...
וואָס אין שלאַכט
פאַר מײַן פאָלק,
פאַר מײַן לאַנד
כ׳האָב מײַן לעבן

אַ קרבן געבראַכט...
און אַ פירעך...
ווען איך פאַרגיי...
יעדער איינער פון אײַך
איז ווערט אַ פירער צו זײַן...
אָבער ניין! ניין!
איך גיי נאָך ניט אוים!...
מיר וועלן זיך ראַנגלען!...
עס ראַנגלען זיך אָדלערם
מיט פײַלן אין ברוסטן געשטעקטע!
און ניט פאַלן זאָל קיינמאָל
דער באַרג פון די אָדלערם...
פון די יידישע אָדלערם!...

* * *

**אלעזר בן יאיר:**
— ברידער מײַנע!...
די לעצטע מיר זײַנען...
געציילטע גבורים פאַרבליבן...
געמאָסטן דער וועג איז
און קורץ זײַנען טעג
ביז צו דער שחיטה,

וואָס לויערט אויף אונדז...
אַלץ איז פאַרגאַנגען!
און אַלע!...
איינס איז פאַרבליבן
ביַי אונדז:
ייִדישער כבוד
און ייִדישע שווערד!
דאָס וועט אונדז
קיינער
און קיינמאָל
ניט באַרויבן!
אַפילו דער רוימער,
דער הערשער פון וועלטן.
פאַרן ייִדישן כבוד
ביַים לעצטן געראַנגל
מיר שטייען.
ביַים אָדלער-געראַנגל!
מיט אייגענער שווערד —
איבער זיך!
און גוט איז
און ליב איז
אָדלער-פליגל צעשפּרייט,

מיט צעבלוטיקטן האַרץ,
מיט פרייד
און מיט גרייט
צו דער ערדישער ברוסט
צופאַלן טויט,
און ביים לעצטן פאַרגיין
פון דעם אָדלערשן בליק
צו דעם לאַנד
מיטן אָדלער־געררוף,
מיטן לעצטן געשלום
פון צעבלוטיקן מויל
מיט ליפּן צעבלוטיקטע
קושן די ערד
מיט קושן די לעצטע
פון אַ זון אַ געטריַיען
זיַין האַרציקע מאַמען...
גבורי ישראל די לעצטע!
מיט מיַין אייגענער שווערד
דערשטעכט מיך דעם ערשטן!
און רוף איַיך
ביַים ייִדישן כבוד:
וויַיבער און קינדער און אַלטע

מיט אייערע שווערדן
טוט זיי
דעם ייִדישן כבוד
דעם לעצטן !...
און דערנאָך
איינער דעם צווייטן
טוט דעמזעלביקן כבוד !
און ניט רודערן הערצער עס זאָלן !
ניט ציטערן הענט !
און רואיק, גבורים !
די ייִדישע אייביקייט שוועבט
איבער בלוטיקער שטילקייט
דורות עס וועלן צעשאָלן
פון בלוטיקער שטילקייט
דעם אָדלערשן רוף :
— פאַרן ייִדישן פאָלק,
פאַרן ייִדישן לאַנד,
פאַרן ייִדישן כבוד
צום געראַנגל
אויף לעבן און טויט
זאָל דײַן שווערד זײַן פאַרהויבן
ביז דײַן הויך

ביז דעם לעצטן!
וואָס וויינען דאָרט ווײַבער און קינדער.
די רוימישע שווערד
איז זיי ליבער?!

**אויפשטאַנד**

זיצונג פון סנהדרין.

**רבי יהושע בן חנניה:**

...— און דו, רבי עקיבא,
באַזין זיך!
און געדענק,
מיט וועמען דו גייסט!
מיט מורדים גייסטו!...
קעגן דער מלכות!...
מילא זיי, די באַלמעלאָכעס,
די עמיהאָרצים די פּראָסטע,
ווידערשפּעניקן אין זייער גאנג,
זיי ווילן צערייצן דעם קיסר,
נייַע רדיפות אויף ייִדן...

און ייִדן
קוים וואָס זײ לעבן...
דער בית-המקדש איז חרוב,
די שטאָט איז צעבראָכן.
רופֿן זײ ווידער, די מורדים,
צו אַלץ נײַע גזירות,
צו נײַע חורבנות...
און דו, רבי עקיבא,
פֿאָלגסט זײ נאָך,
דו העלפֿסט זײ, עקיבא.
דו גײסט קעגן ייִדן, עקיבא!...
איך וואָרן, עקיבא, מיט גוטן:
באַזין זיך!
מיט אונדז גײ!
מיטן ריכטיקן וועג
גײ, עקיבא!

**עקיבא:**

— דו באַזין זיך, יהושע!
און איר, סנהדרין, באַזינט זיך!
ווי פֿריִער, אויך איצט
דאָס לאַנד איז פֿאַרקויפֿט

צו דעם רוימער
דורכן מלך אַגריפּוס,
דעם פֿרײַנד פֿון די רוימער,
דעם פֿרײַנד
פֿון די רוימישע מערדער.
די ייִדישע הערשער די רײַכע
באַהעלפֿערס זיי זײַנען
צום רוימער,
צו מאָרד איבער ייִדן,
צו קענכטשאַפֿט,
צו אוים פֿאָלק,
צו אוים לאַנד!
און איר, די סנהדרין,
איר גייט מיט די שונאים
פֿון ייִדישן פֿאָלק,
איר גייט קעגן דעם פֿאָלק!
און באַזינען
זאָלט איר זיך!
איך רוף אײַך דערצו!
און העלפֿן זאָלט איר
אונדזער ייִדישן פֿאָלק,
דעם פּשוטן ייִדישן פֿאָלק

צו פֿאַרטרײַבן די רוימער
און אין פֿרידן און פֿרײַהײַט
צו באַנײַען דאָס לאַנד.
האָסט מיך געוואָרנט, יהושע,
און איך וואָרן דיך:
ניט אונטערטעניק צו זײַן
צו די ייִדישע הערשער,
זיך ניט קניִען, ניט בוקן
צום רוימער!
געדראָט האָסט, יהושע,
און אפֿשר...
אַ חרם אויף מיר
ווּעסטו רופֿן?!
פֿאַר מײַן גיין מיטן פֿאָלק?
פֿאַר ניט זײַן אונטערטעניק
צום רוימער?
פֿאַר שטעלן זיך קעגן
דער הערשאַפֿט פֿון רײַכע פֿאַרקויפֿטע
און די פֿאַרקויפֿער?

יהושע:
— יאָ, עקיבא!

אַזוי און ניט אַנדערש
מען טוט מיט עקשנים,
וואָס צעשטערן די רו
ווען פון מלכות דעם צאָרן
זיי רופן אַרויס,
ווען צו מרידה זיי רופן!...

עקיבא:
— עס וועט דיר ניט העלפן, יהושע,
דײַן דראָען!
ניט דיר
און ניט דײַנע!
וועסט דאָס פאָלק ניט פאַרפירן
מיטן לייגן אין חרם!
און מיך
וועט ניט לייגן אין חרם
דאָס ייִדישע פאָלק,
וואָס איך גיי איצט מיט אים,
ווען עס גייט אָפּ מיט בלוט
פון דער רוימישער שווערד.

יהושע:

— גיי פונדאנען, עקיבא!

פארלאָז אונדז!

אַ מורד ביסטו!

און גיי צו די מורדים

צו דײַנע!

גיי זיי נאָך!

עקיבא:

— יאָ! אַ מורד בין איך!

קעגן רוימישע מערדער —

אַ מורד!

קעגן יִדישע הערשער פארקויפטע —

אַ מורד!

קעגן אײַך, די סנהדרין —

אַ מורד!

ניט קיין מורד בין איך

קעגן יִדישן פאָלק.

און צו אים

וועל אין גיין!

* * *

שמעון בר כוזיבא:

— ברידער מײַנע! חברים!

צו אַ הייל

אין די בערג פון יהודה

טראָגט די שווערדן אַוועק!

לעבן ביתר דער שטאָט.

גרייכט פאַרנאַכטלעך אַהין.

קוקט זיך אום בײַ דעם גיין:

די רוימער עס לויערן דאָרט.

די רוימישע פרײַנד

שפּירן נאָך,

די ייִדישע רוימער.

די אונטערטעניק־פאַרקויפטע.

די שווערדן

אַנטבלויזט װעלן זײַן

און פאַלן

צו רוימישע קעפּ,

װען צום אויסלייז,

צום פאָלקישן אויפשטאַנד

עס װעט קומען,

די שלאַכט!

אונדזער בלוטיקער צאָרן

וועט קלעמען די שווערדן!
און פרײַהײַט וועט רופן,
ווי פון אַ מחנה די פאָן!
דו, יוחנן חבר,
ווען אויף צוריקוועגס,
מיר אָנזאָגן זאָלסטו,
צו אַלץ איז בסדר.
דו, חנניה מײַן חבר,
אויף זאָטל און פערד
ווער געוואָר שמידערײַען די אַלע
און ידיעות מיר ברענג
פון פאַרטיקע שווערדן געשמידטע.
און איר ביידע,
אלחנן, ישעיה,
נעמט פערד און זאָטל
און צו שטעט און צו דערפער אַרײַן!
גאַנץ יהודה און ווײַטער.
און לאָזט אַלעמען הערן:
מיט שווערד און מיט שפיזן באַוואָפנט,
פוסגייער, רײַטער
גרייט זאָל מען זײַן
צו דעם באַלדיקן רוף,

צו שלאַכטן זײַן גרייט —
פאַרן פאָלק,
פאַרן לאַנד,
קעגן רוימער!

יהושע:
— שמעון מײַן ברודער!
און ווען עס פרעגט אונדז דאָס פאָלק:
ווען איז די שלאַכט?
און ווער איז דער פירער?
וואָס ענטפערן מיר?

שמעון:
— ווען פון בלוט און פון פּײַן
פונעם יִדישן פאָלק
צערודערטע הערצער
פאַרכלינעט וועלן זײַן
ביז צום פלאַצן מיט צאָרן אַרויס,
ווען אויגן צעפלאַקערט
וועלן בליצן מיט אָנגריף,
ווען דלאָניעס צערייצטע
וועלן קלעמען די שווערדן,

ווען אויפברויז פון העלדזער
וועט רײַסן
מיט באַפעל פון נקמה,
דעמאָלט
וועט אויפגיין דער אָנגריף,
דעמאָלט
צעפלאַקערט די שלאַכט.
און ווער איז אַ פירער
בײַ ייִדן?
יעדער איינער,
אַ ייִד,
וואָס דאָס פאָלק איז זײַן אוצר,
וואָס דאָס לאַנד איז זײַן אייגנס,
וואָס אַ ייִד איז זײַן פאָן,
וואָס פאַלן אין שלאַכטן
און ניט פאַלן געשאָכטן,
וואָס צום אויפשטאַנד
דער צאָרן אים רופט.
דער איז אַ פירער בײַ ייִדן
דאָס פאָלק וועט אים זאַלבן,
דאָס פאָלק וועט אים בענטשן
מיט דער ברכה דער שענסטער:

אונדזערער ביסטו!
פון ייִדן אַ ייִד!

ישעיה:
— שמעון מײַן ברודער!
הערן און פֿאָלגן וועל איך
אַלץ, וואָס דו זאָגסט
וועל איך טאָן!

* * *

**שטאָט־פּלאַץ. מענטשן־געזאַמל.**

**שטימען:**
— עמעצער רופֿט אונדז,
עמעצער וואָרנט:
גרייט זאָל מען זײַן
מיט שווערד און מיט שפּיזן...
צו שלאַכטן זײַן גרייט
קעגן רוימער...
— צײַט איז...
און גענוג זײַן געפּײַניקט!

גענוג זײַן געבלוטיקט!
— און װער איז דער,
װאָס ער רופט אונדז?
— װײַזט אויס, אַ נביא איז ער.
אַזוי רעדט אַ נביא צום פֿאָלק.
— אַן אויסלייזער אפשר...
און די גאולה זאָל קומען דורך אים...
אפשר משיח בן דוד?...
— אַלע טרערן ער זעט,
אַלע קלאָגן ער הערט...
— און אפשר ער קלאָגט
אינאיינעם מיט אונדז!...
— אַזוי רעדט אַ פירער
צום פֿאָלק...
גרייט זײַן מיט שווערד און מיט שפּיז!...
— זעט אויס,
באַלד אַ מלחמה װעט זײַן
קעגן די רוימער...
— און הלוואי זאָל זי זײַן!...

רבי עקיבא:
— ייִדן! פֿאָלק מײַנס!

אריבער די מאָס איז
פון פײַן און פון בלוט.
פאַרשקלאַפט איז דאָס פאָלק!
צעטראָטן דאָס לאַנד,
צו אַ מדבר געגליכן.
האַר און הערשער פאַרקויפטע,
און דאָס פאָלק איז אַליין,
גלײַך אַ יתום געבליבן...
איז גענוג שוין
דער צווייפאַכער יאָך
פון פרעמדע און אייגענע הערשער!...
עמעצער זאָרגט וועגן אונדז,
עמעצער רופט אונדז זײַן גרייט
צו אַ באַלדיקער שלאַכט.
ווײַזט אוים,
דעם שטורעם פון שלאַכטן
ער פילט
און זאָגט אָן.
פון פרײַהײַט-געוויטערס
דעם ברויז
לאָזט ער הערן צו אונדז...
איינער פון אונדזערע איז ער,

מיט אונדז גייט ער אום
מיט פּאָלקישן לײַדן און פּײַן.
איז לאָמיר אים זען און הערן
און קענען.
און בענטשן.

אַ שטים:

— אַן אונדזערער איז ער,
אַ ייִד אַ געמײַנער,
אַ שמיד,
און אַ מוטיקער גבור איז ער,
און העכער פון אונדז מיט אַ קאָפּ
און אויגן, וואָס פלאַמען
מיט נקמה און צאָרן.
צווישן אונדז איז ער דאָ,
ער איז שטענדיק מיט אונדז.
און זײַן נאָמען איז שמעון, —
שמעון בר כוזיבא.

שטימען:

— זאָל ער זיך ווײַזן!
— מיר ווילן אים זען!

— מיר ווילן אים הערן!

רבי עקיבא:

— זון מײַנער!

עס רופט דיך דאָס פֿאָלק!

קום אַרויס!

און לאָמיר דיך זעען!

און לאָמיר דיך הערן!

און לאָמיר דיך בענטשן,

מײַן זון!

**צו די פֿאַרזאַמלטע קומט אויף שמעון בר כוזיבא.**

רבי עקיבא:

— בר כוזיבא הייסטו?

פֿאָלק מײַנס!

ייִדישע ברידער!

אַ ליכטיקער שטערן גייט אויף

פֿון די פֿאָלקישע שטערן פֿון דײַנע!

אַ שטערן טרעט אויף,

וואָס אין פֿינצטערן דויער

װעט באַלײַכטן דעם װעג,
װאָס אין בלוטיקע שלאַכטן
גײען װעט דער ערשטער
מיט פֿאַרהױבענער שװערד
קעגן שונאים!
און ניט בר כוזיבא —
בר כוכבא ביסטו!
פֿון ליכטיקן פֿאָלקיש געשטערן
דער ליכטיקסטער שטערן
ביסטו!
פֿיר אונדז, בר כוכבא!
אונדזער ייִדישן פֿאָלק
א פֿירער זאָלסט זײַן!
אונדזער ייִדישן לאַנד
א באַפֿרײַער זאָלסט זײַן!
אונדזערע לעבנס — א שיצער!
אונדזערע הערצער — א טרײסטער!
און געזאַלבט זאָלסטו זײַן
פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק!

**מאַסן — אױפֿרופֿן:**
— לעבן זאָל בר כוכבא,

דער פירער!
— בר כוכבא!
— בר כוכבא!

**בר כוכבא:**

— ברידער מײַנע!
מײַן יִדישע פֿאָלק!
אײַערער בין איך...
אויף אייביק!...
ביז מײַן הויך
ביז דעם לעצטן
מיט אײַך און אינאײַנעם
וועל איך הייבן די שווערד
קעגן רוימישע מערדער!
צום אויפשטאַנד איך רוף אײַך!
צו שלאַכטן זײַט גרייט!
זאָל זײַן פֿרײַ
אונדזער יִדישע פֿאָלק
אין אונדזער יִדישן לאַנד
דעם באַפרײַטן!

**שטימען:**

— זאָל לעבן בר כוכבא!

אונדזער בר כוכבא!

— אויפשטאַנד! אַן אויפשטאַנד!

קעגן די רוימער!

* * *

**אַ ברייטער וועג. פוסגייער, באַוואָפנט מיט שווערדן און שפּיזן. עס שאַפן זיך געשלאָסענע רייען.**

**שטימען:**

— צו בר כוכבאן?

— יאָ!

— איך אויך!

— קום! אַלע צו אים

גייען מיר!

— בחורל! און דו וווּהין גייסט?

דײַן שווערד

איז לענגער פון דיר

ווי אַלט ביסט אין יאָרן?

**דאָס יִנגל:**

— זאָל דיך ניט אַרן מײַן שווערד.
עס וועט אַרן די רוימער.
און אַלט בין איך פּערצן.

**איינער:**

— אַזאַ גבור ביסטו?

**דאָס יִנגל:**

— וועסט פרעגן דעם רוימער.
איינעם, דעם צווייטן,
דעם דריטן און נאָך, —
זיי וועלן דיך זאָגן.
איך באַפאַל זיי ביינאַכט,
ווען זיי גייען אין פינצטער
צו ייִדישע הײַזער נאָך רויב.
פּלוצלונג באַפאַל איך
איינעם אַ לעצטן,
און עס דינט מיר מײַן שווערד
מײַן לאַנגע
דעם רוימער דערלאַנגען.
אין גיהנום זוכט ער זײַן רויב.

און ניט קיין גבור בין איך, —
אַ ייִדיש ייִנגל, אַ פּראָסטער,
וואָס וויל פאַר זײַן טאַטן און מאַמען
נעמען נקמה,
און פאַר אַלע ייִדן באַגלײַך.
ס׳איז בר כוכבא אַ גבור,
און איך גיי צו אים
מיט אים און אינאיינעם
פאַר ייִדן זיך שלאָגן.

**איינער:**
— קום, בחורל, קום!
צו בר כוכבאן מיר גייען, —
אַלע צו אים,
די וואָס ווילן זײַן פרײַ
אין אַ לאַנד אין אַ פרײַען.

**איינער:**
— ייִנגעלע! האָסט ניט קיין מורא?
און ווען עס שטעכט דיר דער רוימעק?

דאָס יִנגל:
איך וועל אים שטעכן דער ערשטער.,
ווײַל אַ מערדער איז ער!
און אַבי מיט בר כוכבאן צו גיין,
האָב איך פאַר קיינעם קיין מורא.

צו דער גרופּע שליסן זיך אָן אַליך נײַע
און נײַע פּוסגייער.

שטימען:
— צו בר כוכבאן?
— יאָ, צו אים.
— און באַלד זײַנען שלאַכטן?
— עס גייען שוין שלאַכטן פונלאַנג.
שטעט און דערפער באַפרײַטע.
וואָס אַ טאָג — אַ נצחון,
און אַ שטאָט אַ באַפרײַטע
— מײַן האַרץ און מײַן האַנט
ציט די שווערד נאָכאַנאַנד
— מײַנסטו, אַז דער רוימער
איז שוואַך אויף דער שווערד?
— פאַר מײַן לעבן איך שלאָג זיך,

פֿאַר מײַן היים,
פֿאַר מײַן בלוט.
און פֿרײַע מענטשן
וועט קיינער באַזיגן!
און אַ פֿאָלק אָט ווי מיר,
וואָס וויל זײַן אַ פֿאָלק,
און אַ פֿרײַע,
וועט קיינמאָל ניט פֿאַלן
צו די הענקערשע פֿיס,
ווען אַפֿילו זיי זײַנען געשמידטע!...
און מיט בלוטיקער שווערד
הערשט מען ניט קיינמאָל
אויף אייביק!
עס פֿאַלן באַצווינגער.
און דאָס ייִדישע פֿאָלק
לעבן וועט אייביק!
און פֿרײַ זײַן וועט אייביק!
— און ווען עס צעטרעט אונדז דער רוימער
מיט בלוטיקן כּוח?
— וועלן מיר בלײַבן געפֿאַנגען
און קיינמאָל קיין שקלאַפֿן!
מיר וועלן זיך ראַנגלען,

און ניט אונטערטעניק צו בלײַבן.
ווײַל
פון געראַנגל מיר זײַנען א פאָלק!
הערצער־געראַנגל,
נשמות־גרעאַנגל,
מוחות־געראַנגל
און גופים־געראַנגל.
פון אייביק אָן
און אויף אייביק!

**אַ מאַרשירנדיקע מיליטערישע איינ־הײַט שפּאַרט אָן בײַם ראַנד וועג צו דער פּוסגייער־גרופּע און בלײַבט שטיין בײַ איר.**

**אַ סאָלדאַט:**
— ווּהין גייט איר עס, ברידערלעך מײַנע?
— צו בר כוכבא מיר גייען.
מיט אים און אינאיינעם
קעגן די רוימער זיך שלאָגן.
— ס'איז נאָך ווײַט צו בר כוכבא דער וועג?

דער סאָלדאַט:

— ניט ווייַט און גאַר נאָענט
געפינט זיך בר כוכבא

דאָס ייִנגל:

— און מיך וועט נעמען בר כוכבא צו זיך
מיט די רוימער זיך שלאָגן?

דער סאָלדאַט:

— ווי אַלט ביסטו, ייִנגל?

דאָס ייִנגל:

— פערצן יאָר בין איך אַלט,
און איך וויל זייער שלאָגן דעם רוימער.

דער סאָלדאַט:

— יונג ביסטו, ברודערל, יונג!

דאָס ייִנגל:

— איך וועל בעטן בר כוכבאַן,
איך וועל זייער אים בעטן!
אַ שווערד האָב איך אויך.

דו זעסט ?
און שלאָגן זיך קען איך !

דער סאָלדאַט :
— אין רייען געשלאָסן
שטעלט זיך אויס,
מײַנע ברידער !
אַלע אינאיינעם מיט אונדז !

דאָס ייִנגל :
— און איך אויך ?

דער סאָלדאַט :
— און דו אויך,
און מיט מיר וועסטו גיין.
און אַלע הערט אויס מײַן באַפעל :
בר כוכבא בין איך.

**צו די מאַרשירער לויפט צו אַן עלטערער ייִד שרײַענדיק און וויינענדיק, מאַכט ער מיט די הענט און ווײַזט אין אַ געווויסער ריכטונג.**

דער ייִד:

— ברידער! ברידער!

ווּ איז בר כוכבא?
ווּ איז ער?
ראַטעוועט אונדז! ראַטעוועט אונדז!
אָט איצט
באַפאַלן די רוימער
די שטאָט...
פענצטער און טירן צעהאַקטע...
מען קוילעט!...
מען פּייַניקט!...
קליינינקע קינדער
די שאַרבנס צעשפּאָלטן...
ווּ איז בר כוכבא?
אונדזער רעטער איז ווּ?

בר כוכבא:

— וואַרט אוים! וואַרט אוים!
אַ רגעלע וואַרט!
וויפל זייַנען זיי דאָרטן,
די רוימער?

דער ייִד:

— אַ מחנה אַ גאַנצע!

צוויי הונדערט מאַן,

אויב ניט מער...

בר כוכבא:

— ברידער! די שווערדן אַנטבלויזט!

און איבער די אַקסל אַרויף!

אַלע סאַלדאַטן מיר זײַנען!

און לויפן זיך לאָזן

ראַטעווען ברידער!

הונדערט מיר זײַנען אינגאַנצן.

אָבער פון אײַערע שווערדן

ניט אויפשטיין זאָל קיינער,

קיין איין רוימישער קאָפּ!

און געדענקען זאָלט איר

מײַן גאַנג און מײַן שניט:

בײַ אָפענע שלאַכטן

ברוסט צו אַ ברוסט

מיטן שונא

שטיל, אומדערוואַרט, אומגעריכט

און בליץ-שנעל

מיר די ערשטע
באַפֿאַלן דעם שונא !
ניט לאָזן אים טראַכטן,
באַזינען זיך — ניט !
אינמיטן
צעהאַקן זײַן מחנה אויף צווייען
און איינציקווײַז העלפֿטן
אים ברעכן די ביינער
מיט ייִדישן פֿלאַם
און מיט דראַנג
און קעפּ זאָלן פֿאַלן
פֿון די רוימישע פּלייצעס
אַראָפּ !
אויף מערדער אין שלאַכטן
קיין רחמנות ניט האָבן !

* * *

**רבי עקיבא :**
— צו דיר, בר כוכבא,
געריכט איז מײַן וועג.
פֿונעם פֿאָלקישן מויל
זאָגן צו דיר

אַזוי:
דאָס ייִדישע פֿאָלק
פֿון ישראל,
וואָס האָט דיך געזאַלבט
פֿאַר אַ פֿירער צו זײַן
איבער אים
און דערהויבן צו זיך,
האָט געהייסן דיר זאָגן
אַזוי:
ס'האָט דײַן ליכטיקער שטערן,
דײַן גלויבן אין פֿאָלק,
אין אייביקן כּוח אין זײַנעם,
דײַן ליבשאַפֿט צום פֿאָלק
און שטעלן דײַן לעבן פֿאַר אים,
פֿאַר זײַן כּבֿוד זיך מקריבֿ צו זײַן
פֿון דעם רוימער
שטעט און דערפֿער באַפֿרײַט
האָט דײַן מוטיקער גײַסט,
די נשמה דערוואַכט
פֿונעם ייִדישן פֿאָלק
און אים צום אויפֿשטאַנד געפֿירט
אין צײַט פֿון נסיון,

אין שטאַנד פון פאַרצווייפלונג
בײַם בלוטיקן אָנגריף
פון מעכטיקן שונא,
דערוועקט האָסט
דעם כוח
פון יִדישן פאָלק,
דעם כוח דעם גרעסטן:
זײַן פאָלקישע איינהײַט.
פרײַ איז דאָס פאָלק איצט,
פרײַ איז דאָס לאַנד
און פרײַ וועט זײַן אייביק,
ביז אונדזער איינהײַט
וועט קרעפטיקן אונדז,
ביז די שווערד וועט ניט פאַלן
פון פאָלקישע הענט,
ביז אונדזער געראַנגל
וועט האַלטן.
און נאָך האָט געהייסן מיר זאָגן
דאָס יִדישע פאָלק
צו דיר
און צו דײַנע סאָלדאַטן:
געלויבט און געבענטשט זאָלט איר זײַן,

די גבורי ישראל,
אויף אייביקע יאָרן!
ניט פאַרגעסן זאָל ווערן
ביי ייִדן אויף אייביק
דיין ליכטיקער שטערן,
בר כוכבא!
און אין ייִדישע קרעפטיקע הענט
אויף דער ייִדישער ערד
פאַרראָסטעט זאָל קיינמאָל ניט ווערן
דיין פלאַמיקע שווערד!

**בר כוכבא:**
רבי עקיבא! איך דאַנק דיר
און מיין ייִדישע פאָלק,
וואָס אַ זון בין איך זיינער,
פאַר דעם כבוד דעם גרעסטן
און גליק —
אַ זון צו זיין
אים!

* * *

**באַלד נאָך אַ שלאַכט. בר כוכבא זיצט, אַרומגערינגלט פון זיינע סאָלדאַטן.**

**בר כוכבא:**

— ברידער מײַנע סאָלדאַטן!
די פּופּציקסטע שטאָט
פון די רוימער
הײַנט באַפרײַט האָבן מיר.
פרײַע ייִדן
צו זייערע היימען
וועלן קומען.
אַ פרײַע היים
אונדזער לאַנד וועט באַלד זײַן.
פאַר אַלעמען אונדז
און פאַר אַלעמען גלײַך.
מיר די לעצטע
וועלן קומען אַהיים
פון דער לעצטער באַפרײַטער
דער ייִדישער שטאָט.
ווען לויפן צעבלוטיקט
פון אונדזער נקמה
וועט דער לעצטער
רוימישער פוס.
בלוטיק און לאַנג
אונדזער וועג איז געווען.

אָבער ווּ שטייט געשריבן,
אַז אויפשטאַנד איז לײַכט,
ווּ שטייט געזאָגט,
אַז פרייהײַט
באַקומט מען געשאָנקען?
דען צעשיידט זיך אַ הערשער
פון זײַן האַרציקן ווילן
מיט קנעכט?
אַ קנעכט האָט איין אויסוועג:
אויפשטאַנד, געראַנגל.
אונדזער אויסוועג איז דאָס,
אונדזער ייִדישער וועג!

**אַ סאָלדאַט:**
— בר כוכבא, פירער!
ווער האָט אונדז געהאָלפן
אין שלאַכטן,
ווען ניט דער אייביקער גאָט
פון ישראל?
און מיר דאַוונען ניט קיינמאָל?!
אַזוי איז דען רעכט?!

**בר כוכבא:**

— מײַן ברודער!

הער אױס מיט קאָפּ!

אונדזערע בלוטיקע שונאים, —

זײ — העלפֿט אונדזער גאָט

פֿון ישׂראל!

הונדערטער טױזנטער ייִדן

אין בבל פֿאַרטריבן

אױף נױט און אױף טױט.

הונדערטער טױזנטער ייִדן

פֿאַרטריבן קײן רױם

אױף נױט און אױף טױט!

ס׳האָט זײ בײדן געהאָלפֿן,

סײַ בבל, סײַ רױם,

דער ייִדישער גאָט

צו פֿאַרטרײַבן די ייִדן.

און דאַװנען

זאָל יעדער אײנער

אַזױ װי ער װיל.

און אױסבעטן זיך

בײַ דעם ייִדישן גאָט

אַלץ, װאָס ער װיל;

און אויך דאַוון אויך.
יעדן מאָל,
פאַר דער שלאַכט
טו איך תפילה צו גאָט,
און איך בעט אים:
— גאָט! העלף ניט די רוימער!
און מיר...
מיר וועלן זיך העלפן אַליין!
און נאָך:
איך דאַוון צו אײַך,
מײַנע סאָלדאַטן,
איך דאַוון צום ייִדישן פאָלק,
און איך לויב אײַך און דאַנק.
איר זייט מײַן גאָט!
איך דאַנק דיר, מײַן פאָלק,
וואָס דו האָסט העלדן אַזעלכע
געבוירן!
איך דאַנק דיר, מײַן פאָלק,
וואָס כ'בין דײַנער אַ זון!
איך דאַוון צו דיר,
דערהויבענער ייִדישער מענטש!
דו ביסט מײַן שענסטער,

מײַן מעכטיקסטער גאָט!
דו, מײַן ייִדישע פֿאָלק,
ביסט דער גאָט פֿון די געטער
די שענסטע!

## דער דריטער וועג

וואָרמס

— וואָס איז דאָס קלאַפּן
אין יידישע הײַזער?
ווער שטערט אונדז די רו?

שטימען:

— יידן, איר הערט?
פון שפּײַער און מײַנץ,
פון טריר און פון מאָזעל,
פון קעלן, —
פון שטעט און פון דערפער
אַ מחנה יעזוסעם רוצחים
גרייכט באַלד צו אונדז.
מיט שווערדן באַוואָפנט,

מיט צלמים געהייליקט,
באַגײַסטערט פון רויב,
צערייצטע פון בלוט,
פון ייִדישן בלוט, —
זיי גייען אַהער,
באַלד קומען זיי אָן...
זיי קוילענען ייִדן,
זיי ראַבעווען ייִדן, —
מערדער און רויבער
פון יעזוסעס נאָמען...
הייליקע מערדער,
באַשיצטע מיט צלמים...

שטימען:
— צום הייליקן בישאָף
בעטן זיך רחמים...
— פאַר ייִדישן גאָלד
וועט ער אונדז שיצן...
— אין קלויסטערס באַהאַלטן
אונדז וועט ער פאַר גאָלד...
— פאַר ייִדישן גאָלד
וועט ער פאַרקויפן

יעזוסן אויך...
— ניין! ניין!
ס'וועט אונדז פאַרנאַרן
דער בישאָף!...
ייִדישע גופים
און ייִדישע לעבנס
זיינען אים ביליק!
טײַער איז ייִדישע גאָלד...
ניט גייט צו דעם בישאָף!
קומט, ייִדן־ברידער
שטעלן זיך קעגן
די יעזוסעס מערדער
מיט העק און מיט פרענטן.
ראַנגלען זיך זאָל מען!
זיך ראַנגלען צום טויט!
— איר ראַנגלט זיך אײַך!
און מיר...
מיר האָבן זיך אויסגעקויפט שוין!
און אָט איז אַ שײַן
פון דעם בישאָף אַליין...
פאַר אונדזערע לעבנס
ער זאָרגט זיך...

— גייט אײַך צום בישאָף
מיט אייערע גאָלד!
און מיר,
די האַנטווערקער פּראָסטע,
די ייִדן אָן גאָלד,
די ייִדן מיט קרעפּטיקע אָרעמס
וואָס שוכן און קליידן,
און האַמערן, וועבן, —
דאָס ייִדישע פֿאָלק דאָס געמיינע,
מיר קלעמען שווערדן
און ברעכן די צלמים
און פּלעטן די הייליקע קעפּ
פֿון יעזוסעס ברידער.
מיר וועלן זיך ראַנגלען!
איז זאַמלט זיך, ייִדן געמיינע,
מיט שווערדן און פּרענטן אינאיינעם!
קומט זיי אַנטקעגן,
די יעזוסעס מערדער!
באַלד קומען זיי אָן.

* * *

שפּאַניע. סעווילִיא די שטאָט. העכטער

קאַטוילישער ראַט. קאַרדינאַלן און בי־
שאָפן. פּאָרזיצער טאָרקוועמאַדאַ.

שטימען:

— אין סכנה דאָס גלויבן!
דאָס לאַנד — אין געפאַר!
די הייליקע קירך
ליגט צעשטערט!
דאָס געוויסן פון פאָלק
פאַלט צו די פיס!
אונדזער גאָטס קענען,
אונדזער גאָטס וויסן
גייט צעטראָטן
פון פרעמדע טראַקטאַטן,
פון פײַנטלעכע ספרים!
— זיי, די פרעמדע,
באַהערשן דאָס לאַנד!
די הייליקע שפּאַניע!
זיי — די באַנקירן,
זיי אונטערנעמער,
זיי — בײַ דעם האַנדל,
זיי בײַ דעם קעניג,

זיי — מיניסטאָרן, —
דאָס לאַנד איז בײַ זיי
אין די הענט!
און דאָס שפּאַנישע פאָלק
צו אַ קנעכט איז געגליכן
בײַ זיי!...
דער אײנציקער הערשער אין לאַנד
איבער אונדז
איז דער ייִד!
— צום הייליקן טאַט קעגן ייִדן
זאָלן מיר קומען,
קאַטוילן!

טאָרקוועמאַדאַ:
— קלאָר און גערעכט!
פון אונדזערע הערצער,
פון אונדזער געוויסן
עס רופט אונדז אַ שטים:
מיט פײַער און שווערד
ריינוואַשן זאָל מען
די שפּאַנישע ערד
פון דעם ייִדישן אומריין!

* * *

סעווילִיא. אויפן פּלאַץ ביי דעם גרויסן קאַטוילישן קלויסטער זאַמלען זיך מענטשן. פון אַדורך די ברייט־צעעפנטע טירן פונעם קלויסטער גייט אָן אַ ליי־טורגיע־געזאַנג. עס באַגלייט אים אַ גלעקער־געקלאַנג, צוערשט אַ שטיל־טרויערדיקער און דערנאָך אַלץ שטייגנ־דיקער. אויפגערודערטער, רופנדיקער. מענטשן צלמען זיך, נייגן זיך צו די אָפענע טירן. פּנימער אויפגערעגט־דער־וואַרטנדיקע. באַלד לאָזן זיך גיין פון קלויסטער די מתפללים. זיי בלייבן שטיין אויפן פּלאַץ, מיטן פּנים געווענדט צום קלויסטער. באַגלייט פון גלחים און מאָנאַכן מיט געצונדענע ליכט אין די הענט, קומט אַרויס טאָרקוועמאַדאַ. ער בלייבט שטיין אויף די הויכע טרעפּ מיטן פּנים צו די פאַרזאַמלטע.

טאָרקוועמאַדאַ:

— קריסטוסעס ברידער!

ערלעכע קאַטוילן איר זייט!
אונדזער שפּאַנישע פּאָלק
אונדזער הייליקע קירך
רופן צו אײַך,
קאַטוילישע ברידער:
העלפט אונדז!
העלפט אונדז אַרוים
אין אַ צײַט פון געפאַר!
איבער אונדזערע קעפּ
און נשמות די ערלעכע —
פרעמדע הערשער באַפאַלן.
בײַ דעם קעניג אין פּאַלאַץ, —
זי זײַנען די הערשער!
איבער אונדזערע געלטער —
זי זײַנען די הערשער!
איבער פּאַלאַצן און שלעסער —
זיי זײַנען די הערשער!
זיי, —
די ייִדן פאַרפלוכטע!
און מיר...
די ערלעכע גוטע קאַטוילן,
ייִדישע קנעכט זײַנען מיר...

דאָס לאַנד איז צעריסן אויף שטיקער, —
אַלץ זיי,
דאָס פאָלק איז צעגלידערט
אויף אָרעם און רײַך, —
אַלץ זיי, די ייִדן!
זי זײַנען די רײַכע,
די אָרעמע — מיר,
די קאַטוילן די פרומע!...
פײַנט און צעשטערער
זיי זײַנען
פון דער הייליקער קירך!
זיי זײַנען די מערדער
פון הייליקן זון!
און קאַטוילישע ריינע נשמות
עס פאַלן פאַרבלענדטע
פון זייער אומגלויב דעם פאַלשן!
ברידער קאַטוילן!
ערלעכע קריסטוסעם ברידער!
גענוג אונדז
צו לײַדן פון הערשער די פרעמדע!
גענוג צו פאַרגיסן
דאָס שפּאַנישע בלוט!

איין שפּאַנישע פּאָלק
אין שפּאַנישע לאַנד
זאָל אונדז זײַן!
און אונדזערם איז אַלץ!
מיט אונדזערע טרערן און שוויים
געשאַפן איז אַלץ!
און צו אונדז
זאָל געהערן דאָס אַלץ!
ברידער קאַטוילן!
מיט העק און מיט שווערדן
צו די ייִדישע הײַזער
איר גייט!
און נעמט אָפּ צוריק און צו זיך
אַל דאָס ייִדישע גוטס,
וואָס באַרויבט איז בײַ אײַך!
און קריסטוסעס בלוט
ריינוואַשן זאָלט איר
מיט ייִדישן בלוט!
גייט! זײַט געבענטשט
פון אונדזער הייליקער קירך,
פון אונדזער שפּאַנישן פאָלק,
פון אונדזער שפּאַנישן לאַנד!

**שטימען־אויפברויז:**

— קומט, הייליקע ברידער,

קערן צוריק אונדזער גאָלד

פון די ייִדן!

— אַ טויט אַלע ייִדן!

— פאַר אונדזער יעזוסן נעמען נקמה!

— קומט צו די ייִדן!

* * *

**סעווילֹיא. שבת. דער גרויסער בית־מדרש איז געפּאַקט פון מענטשן. עס איז פאַר קריאת התורה. דער רב רבי מאיר צענעסט דעם פּרוכת און צעעפנט דעם אָרון קודש.**

**דער גבאי:**

— ס'איז ווידער אַרוים מיט זײַן דרשה

דער אַלטער משומד

טאָרקוועמאַדאַ,

דער שונא ישראל,

דער רשע.

עס קאָכט אים נאָך אַלץ

דאָס פאַרקויפטע, פאַררעטערשע
ייִדישע בלוט.
אויסנעמען וויל ער
בײַם קלויסטער.
עס וועט אים ניט העלפן
קיין ייִדישע בלוט.
ס׳וועט אַ פאַרדאַרטע נשמה,
אַ געשמדטע נשמה
ניט אויפבליִען מער
אין דער פרעמד.
און ייִדן באַגיין וועלן זיך
אָן משומדים.
מערנישט ייִדישע בלוט...
איז ווי איז אַ וועג
און אַן אויסוועג איז ווי
פון פײַער און בלוט?

*רבי מאיר:*
— דער וועג איז דער איינער
בײַ ייִדן פאַראַנען:
תשובה ותפילה וצדקה
מעבירין את רעה הגזירה!

תשובה טאָן זאָל מען!
תפילה טאָן זאָל מען!
צדקה טאָן זאָל מען!
וועט מרחם זײַן גאָט!
און דער אויסוועג איז:
קידוש השם!
לאָזן זיך ברענען
אויף פלאַמען!
פאַלן געקוילעט
פון שווערדן
צוליב זײַן הייליקן נאָמען!...
און מרחם זײַן וועט ער,
דער גאָט פון ישראל!

**אין בית־מדרש לויפן אַרײַן עטלעכע ייִדן.**

**אײַנער:**
— רבי!... רבי!...
קריסטן עס זאַמלען זיך דאָרטן...
אַרום דעם בית־מדרש...

**אַ צווייטער:**
— מיט העק און מיט פרענטן באַוואָפנט...

**אַ דריטער:**

— זיי גייען אהער... צום בית־מדרש...

**אַ פערטער:**

— צערייצט זײַנען זיי...
צום בית־מדרש זיי טײַטלען...

**אין בית־מדרש לויפן אַרײַן נאָך ייִדן.**

**איינער:**

— רבי! טירן און פענצטער מען האַקט
אין ייִדישע הײַזער...
מען ברעכט, מען בושעוועט דאָרטן...

**אַ צווייטער:**

— מען ראַבעוועט ייִדישע גוטס...

**ווײַבער לויפן אַרײַן אין בית־מדרש.**

**איינע:**

— גוואַלד געשריִען!... גוואַלד געשריִען!...
דערהאַרגעט!... דערהאַרגעט!...

די מערדער... מײַן פּיצעלע קינד!...
אין בעטל געלעגן עס איז!...
און געשריִען דערבײַ
זיי האָבן:
— אײַער ייִדישע בלוט
פאַר דעם גאָטס זון!...

אַ צווייטע:
— מײַן טאָכטער!... מײַן טאָכטער די יונגע!...

אַ דריטע:
— ראַטעוועט ייִדן!...
מען קוילעט!... מען פּײַניקט!...

רבי מאיר:
(מיט געוויין און געבעט
אין אָרון קודש אַרײַן)
— גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב!
אל רחום וחנון!
האָב רחמנות אויף דײַנע קינדער!...
גאָט אין הימל!...
וואָס זײַנען שולדיק

די צאַן קדושים דײַנע!...

און ווען געזינדיקט האָבן מיר,

פאַרגיב אונדזער זינד!...

פאָטער אין הימל!...

**אַ שטים:**

— רבי! מען רינגלט אַרום דעם בית־מדרש...

עס בליצן די העק און די שווערדן...

**אַ שטים:**

— רבי! שרײַט שטאַרקער צו גאָט,

וועט ער אפשר דערהערן ...

און זאָגט אים,

ער זאָל זיך ווענדן און קערן

און צואײַלן זיך...

וואָס דויערט עס דאָרטן בײַ אים

מיט זײַן הילף

פאַר די הייליקע שאָף?

וואָס טראַכט ער זיך דאָרטן,

דער גאָט פון ישראל?

אַ שטים:

— איין וועג איז געבליבן
אויף ראַטעוועז ייִדן:
טאָן ווי מען הייסט אונדז.
צו די קאַטוולן!
מיט זיי — צו איין פאָלק,
מיט זיי — צו איין גאָט,
מיט זיי — צו איין שפּראַך,
צו איין תורה מיט זיי!
זיך ברידערן זאָל מען
מיט זיי.
און אוים שחיטות אויף אונדז,
ווײַל ברידער
זיי וועלן ניט קוילען

אַ צווייטער:

— אוים ייִדן ווילסטו?!
און אוים ייִדישע פאָלק?!
מיט פאַרראַט קעגן פאָלק, —
דורך שמד בלײַבן לעבן?!
אַ פאַרבלענדטער ביסטו,
אויב ניט קיין פאַררעטער!

**אַ דריטער:**

און אַ גולם דערצו נאָך:
דו גלויבסט די קאַטוילן?
זיי וועלן זיך קושן מיט דיר,
ווען דו ווערסט אַ קאַטויל?!
עס וועלן קאַטוילן
מיט האַס און מיט צאָרן
דיר אויפוואַרפן אייביק
דיר און די קינדס קינדער דײַנע
דײַן ייִדישן שטאַם
און סײַווי באַרויבן דײַן גוטס,
ווײַל דאָס זיינען זיי אויסן.
דו זעכט שוין:
רויבער און מערדער זיי זיינען!...

**דער איינער, דער ערשטער:**

— איך וועל בלײַבן בײַם לעבן,
און אַ ייִד וועל איך בלײַבן סײַווי,
אין דער שטיל, אין מײַן הארץ,
אין מײַן היים...
אין מײַן הייל...

**אַ צווייטער:**

— אַ שטילער ייִד ווילסטו זײַן?!
און צום ייִדישן פֿאָלק
אין דער זײַט, פֿונדערווײַטנס
צוקוקן וועסטו
צו זיין לײַדן און פּײַן
און שטילערהייט
מיטפֿילן אים?!

**רבי מאיר:**

— ייִדן! ייִדן!
לאָזט זיך ניט אײַנריידן!
גייט ניט מיט אים
אין דעם שמד־וועג אין זײַנעם!
על קידוש השם לאָמיר גיין!...
און גאָט וועט מרחם זײַן אונדז!...

**אַ דריטער:**

— דער וועג איז דער ערשטער —
קידוש השם,
און ווי שעפּסן
פֿאַרברענט און געקוילעט...

דער אַנדערער וועג איז —
שמד
און פאַרראַט...
און געקרוינט זיינען ביידע
מיט אומקום און טויט.
און מיר, די יונגע,
מיר האַלטן
און זאָגן מיר ווילן:
געפאַלן די שווערד איז
פון יִדישע הענט,
די שווערד פון בר כוכבאַן!
אויף תפילות צעביטן,
אויף שמות צעפליקטע
געטוישט...
זיך באַהאַלטן אויף בוידעמס,
זיך פאַרבאָרגן אין קלויזן,
זיַין פאַרשפּאַרט הינטער אויוונס,
פאַרפרעמדט פונעם פאָלק,
הונדערטער־הונדערטער יאָרן,
זיצן מענטשן און שטיקן
אויף בענק און אויף טישן
דעם גײַסט פון בר כוכבאַן,

דעם פרײַהײַטס־גערודער
פון ייִדישן פֿאָלק,
פון אױפֿשטאַנד דעם ברױז,
פון ניט־אונטערטעניק
די מערדער צו זײַן.
זײ האָבן גערופֿן,
די באַנק־לײַט,
די טיש־לײַט,
די קלױז לײַט
דעם ייִדישן פֿאָלק:
זיך קניִען און בוקן
פֿאַרן מערדער דעם מינדסטן.
"אַ פּוקס, װען אַ הערשער ער איז,
בוק זיך צו אים" —
אַזױ איז געלערנט,
אַזױ איז גערופֿן
פון קלױז־לײַט
צום ייִדישן פֿאָלק!...
צעטראָטן די גבורה,
פֿאַרטיליקט די מוט
פֿונעם ייִדישן פֿאָלק
האָבן די קלױז־לײַט!...

באַגראָבן אין שימות
די ייִדישע שווערד!...
און היינטיקן טאָג
רופן די קלויז־לייט
אונטער מערדערשע העק,
אויף הענקערשע שייטערם
פאַלן זאָלן ייִדן
און ניט שטעלן זיך קעגן,
ניט שלאָגן זיך מוטיק
פאַרן פאָלקישן לעבן...
מיר, די יונגע,
קערן אָפּ פון דעם קלויז־וועג!
מיר, די יונגע,
ווילן לעבן מיט כבוד,
מיט ייִדישן פאָלקישן כבוד
און ניט מיט כבוד פון קלויזן!
מיר פאראכטן מיט האַס
אויך דעם צווייטן
דעם שמד־וועג,
דעם וועג פון פאַרראַט,
פון פּחדנים־אַטלויפער
פון ייִדישן פאָלק!

אונדזער וועג איז —
דער דריטער —
פון בר כוכבאן דער וועג:
אויפשטאַנד און שלאַכט
קעגן מערדער!
געראַנגל!
די שווערד פון בר כוכבאן
מיר הייבן.
די פאַרראָסטעטע שווערד
מיר שאַרפן און פײַלן און שלײַפן,
און אונדזערע דלאָניעס
עס וועלן זי קלעמען!
און אונדזערע הענט
וועלן ניט שאַנעווען מערדער!
מיר רופן צו די,
וואָס ווילן ניט פאַלן געקוילעט,
וואָס ווילן ניט אויסגיין אויף שײַטערס,
מיט "שמע" ניט דערשריִען
פון ליפּן פאַרפלאָמטע,
מיר רופן צו די,
וואָס ווילן ניט שמאַכטן אין קעלערם
מיט ייִדישן ציטער געשטיקטן.

מיר רופן די אַלע:
צום געראַנגל זיך שטעלן!
קום, מײַן ייִדישע פאָלק,
אין די ייִדישע מויערן אַלטע אַרײַן!
דאָרט פונדאַסנײַ, ווי אַמאָל,
אונדזער פעסטונג וועט זײַן.
און דערווײַל דאָ, איר הערט,
די קאַטוילן
עס בושעווען דאָרטן...
יונגען מײַנע!
אייערע שווערדן
פון אונטער די מאַנטלען
ציט אַרויס!
אַנטבלויזט זיי פאַרהויבן!...
אַנטבלויזט זיי!
און...

**רבי מאיר:**
— חס ושלום! חס וחלילה!
די קאַטוילן ניט רייצן!
מיט גוטן! מיט גוטן צו זיי!

דער דריטער:

— הערט אים ניט, ברידער!
גלײַך אויפֿן שטעל
דורך די טירן אַרויס
מיט די שווערדן אַנטבלויזטע!
און האַקן קאַטוילישע קעפּ
און ניט וואַרטן,
ביז זיי באַפֿאַלן!

* * *

אינווייניק אין דער ייִדישער אַלט־שטאָט. בײַ די געמויערטע ווענט טוליען זיך הונדערטער צעשראָקענע ייִדן. אַלע הערן זיך אײַן.

עזרא:

— טיר און טויער
געשלאָסן, סאַררעגלט.
און הויכע געמויערטע ווענט.
זאַט מיט ברויט
און גאַנץ מיטן לעבן...
און ווען ניט

די געשרייען און פּײַן
פון אונדזערע ברידער...
איר הערט?... ווידער!...
עס שרײַען געחלשט,
געשלאָגן, געפּײַניקט
אונדזערע ברידער...
מען שלעפּט זיי
צום פײַער...
מען שלײַדערט
אין פײַער אַרײַן...
איר הערט דעם יאָמער און גרויל?...
דער פײַער כאַפּט אָן די קליידער...
דעם פּנים...
די הענט...
איר הערט?...
"שמע ישראל!" עס שרײַען
די העלדזער צעפלאַמטע...
איר הערט?
קלייניקנע קינדער
עס רײַסן דעם הימל...
איר הערט?
די קרעכצן די לעצטע...

זיי רופן !... זיי רופן !...
איר הערט ?...
הערט מיטן האַרצן
דעם ריח געברענטן
פון צעפלאַקערטע לײַבער ?...
אויף קאַטוילישע שײַטערס,
אויף קריסטלעכע פלאַמען
עס פלאַקערט
דאָס ייִדישע פאָלק.
אונדזערע ברידער,
האַרציקע ייִדן
גייען אָפּ
מיטן הויך מיטן לעצטן
פון מערדערשע געטלעכע הענט...
איר הערט ?... איר הערט ?...
קאַטוילישע מערדער עס זינגען:
„געלויבט איז דער גאָט,
וואָס אין המלען,
און זײַן גוטווילן צו מענטשן !"
פאַרטויבן זיי ווילן
דעם געשריי פון נשמות.
לויבן און דאַנקען זיי טוען

דעם קאַטוילישן גאָט
פאַר יידישע בלוט,
פאַר יידישע רויב.
יידן! ברידער!
געדענקט און פאַרזאָגט עס
קינדס קינדער אויף דורות:
פאַרשאָלטן זאָלן ווערן
אויף אייביק
די מערדערשע דינער
פון קאַטוילישן גאָט!
פאַרשאָלטן זאָל ווערן
אויף אייביק
דאָס שפּאַנישע לאַנד!
וווּ ווײַסע קאַטוילישע קיטלען
עס פלאַמען פון יידישן בלוט!...
און קינדס קינדער זאָגט:
פאַרן יידישן פאָלק
גילט נאָר די שווערד!

## כמעלניצקיס צײַטן

— מײנט ניט!

מײנט ניט,

אַז שאָנטס מיר זײַנען,

פון קדושים נשמות!...

מײנט ניט,

געשטאָרבן מיר ליגן,

מיר,

די דרײַ הונדערט טויזנט

געקוילעט־געפּײַניקטע ייִדן

— פון נעמיראָוו,

— טולטשין,

— פון באַר

און פון גאַנץ אוקראַיִנע

און רײַסן

די ייִדישע שטעט

און די שטעטלעך!...
אינאיינעם מיט אײַך, —
און מיר לעבן
ביז הײַנטיקן טאָג!...
און מיט אײַך
מיר גייען אַרום
און מיר שוועבן
אויף דער וועלט,
אויף דער ערד!...
קוקט זיך אום!
הערט זיך אײַן!
און הערצער צעפּראַלטע טראָגט צו.
איר הערט?
איר הערט?
דעם שוידער און גרויל
פון צעצאַפּעלטע מענטשן?
דעם וועלפיש געברויל
פון אוקראאינישע העלדזוער?
דעם שאַקאַלן-געוואַי
פון אוקראאינישע מײַלער?
איר זעט
די בלוטיקע אויגן

די וועלפישע בליקן
פון אייביקן שונא?
די הענט אַט ווי נעגל,
געשטרעקט און פאַרמאָסטן
צו אונדז?
איר הערט,
ווי עס פּלאַצן שוין
טירן און פענצטער
אין יִדישע הייזער?
איר הערט,
ווי עס רײַסן
אוקראַינישע נעגל
פון הענט און פון ברוסטן
פון יִדישע מאַמעס
די פאַרצאַפּלטע קינדער?
איר הערט?
זיך ראַנגלען די מאַמעס פאַרחלשט
און קלעמען די קינדער?...
איר זעט,
ווי אין אויוון צעפלאַמטן
אויף קוילן צעגליטע
עס ברענט

און עס בראָט זיך
אַ קינד
ביז אויף שוואַרץ?
איר הערט,
ווי עס פֿאַלט צו דער ערד
אַ מאַמע אַ יונגע
בײַם קינד דעם פֿאַרברענטן
און געקוילעט זי בלײַבט
מיט דער שווערד
פֿון אוקראַינישן מערדער?
איר הערט,
צום בוים
ווי מען הענגט פֿאַר די פּיס
אַ ייִדן אַ אַלטן
און אַראָפּ פֿון אים
שינדט מען
דאָס לעבעדיק הויט?
און מען טרייבערט זײַן גוף
ווי אין שעכט־הויז?
איר הערט,
ווי מען האַקט הענט און פּיס
און דעם קאָפּ

בײַ אַ ייִדן אַן אַלטן?
איר הערט,
ווי בײַ טראַגיקע ווײַבער
די טראַכטן
צעהאַקט האָט די שווערד,
און בלוטיקע נעגל
פון אוקראַינישע לאַפּעס
רײַסן פון דאָרטן
די קינדער אַרויס
און קאַטערס געשטאָפּט
אין די טראַכטן אַרײַן?
איר הערט,
ווי אין גריבער אין טיפע
געחלשטע ייִדן
מען שלײַדערט אַרײַן
און פאַרשאָטן זיי לעבעדיק דאָרטן?
איר הערט,
ווי מיט אײַזנס צעגליטע
ברענט מען אויס קרייצן
אויף ייִדישע לײַבער
און מיט טשוועקעס
פאַרהאַקט מען

די קרייַצן?
איר הערט,
אויף שפּיזן
אַרויפגעזעצט ייִדן,
און אויף דורך
ביז צום שאַרבן,
און מיטן שפּיז
אויף גאַסן און פּלעצער,
געשטעלט און געהויבן
אַן אוקראַאינישע פֿאַן
זאָל דאָס זייַן!
איר הערט,
ווי עס רעוועזן
אוקראַאינישע העלדזער
פון געזעטיקטער פרייד
אַ געזאַנג
פון אוקאַיִנישן פֿאָלק?
אויף זייַן בלוטיקער ערד
אין דעם בלוטיקן אָוונט געשטילטן? ...
אוקראַאינע!
בלוטיקע לאַנד!
עס ווען די קינרם-קינדער דייַנע

זיך ניט ריינוואַשן קיינמאָל
דייַן בלוטיקן נאָמען:
אוקראַינער פּאָגראָמען!

* * *

און מיר,
פון די דרייַ הונדערט טויזנט
געקוילעט-געפּייַניקטע ייִדן
די שאָטנס,
וואָס שוועבן און לעבן
מיטן ייִדישן פאָלק
און אינאיינעם, —
מיר,
וואָס אָקעגן צוויי הונדערט קאָזאַקן
מיר זייַנען געשטאַנען,
מיט סידורים באַוואָפנט,
מיט תפילות באַפעסטיקט,
מיט טליתים געפּאַנצערט,
פון עולם הבא געחלומט
און צוגעהערט מערנישט
דעם רוף:
— ייִדן! שטעלט זיך ניט קעגן!
ניט רייצט די קאָזאַקן!

אויף קידוש השם
לאָמיר גיין!
און קיינער אז גאָט!
און מרחם זײַן וועט ער!
געפאַלן זיינען מיר,
ווי עס האָבן רבנים געהייסן...
רופן מיר אײַך:
מיר,
די געקולעט־פאַרפײַניקטע שאָטנס:
ייִדישע פאָלק!
קיינמאָל און אויף אייביק
קיין הייליקע שאָף
מער ניט זײַן
אָט ווי מיר!
און ניט צום שטאַרבן, —
צום לעבן
זאָלסטו שמידן
דײַן שטאָלענעם ווילן,
דײַן עקשנישע מוט!
האַלט געשאַרפט
די שטאָלענע שווערד
גרייט צו דער שעה,

װען עס פֿאַלט אױס די שלאַכט
פֿאַר דער ייִדישער װערד,
פֿאַרן ייִדישן בלוט,
פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק
רײַס אַרױס
פֿון דער שײד
מיט צערודערטן מוט
און צום שונא פֿארהײב
און צו שלאַכטן אַרײַן!
צום געראַנגל — !

## גיהנום

אַ טונקלקייַט, קוים באַלויכטן פון אַ
פּאַספּאַר־שייַן. אין הינטערגרונט — אַ
פּרעזידיאום־טיש, באַדעקט מיט רויטן
טוך. איבער דעם טיש, אויף דער וואַנט
הענגען איינע בייַ די אַנדערע אַ קרייַץ,
אַ שווערד מיט אַ נאַאָגַיקע, אַ האַקן־
קרייץ און אַ סערפּ־און־האַמער. דער
ערשטער קומט אַרייַן און לאָזט זיך גיין
צום פּרעזידיאום־טיש טאָרקוועמאַדאַ.
איבער זייַן ווייַסן גלחישן קיטל פלאַמען
אויף רויטע בלוט־פלעקן. נאָך אים קומט
אַרייַן באָגדאַן כמעלניצקי, קאָזאַקיש
געקליידט. אויך אויף זייַן ווייַסער
סוויטע גלִיען רויטע בלוט־פלעקן. עס

קומט אַרײַן אַדאָלף היטלער, באַצירט
מיט אַ בלוט־רויטן האַקן־קרײַץ אויף
דער ברוסט. צולעצט קומט אַרײַן
סטאַלין. זײַן ברוסט איז באַצירט מיט
פּאָרטרעטן פון מאַרקס, ענגעלס, לענין
און רויטן סערפּ־האַמער. אַלע זעצן זיך
אוים בײַם טיש, רעכטס און לינקס צו
טאָרקוועמאַדאַן. אַ וואַך פון קאַטוילישע
גלחים, פון קרײַץ־טרעגער, קאָזאַקן,
עס־עס־לײַט און טשקיסטן שטעלט זיך
אוים אַרום דעם טיש.

טאָרקוועמאַדאַ:
— ברידער און פרײַנד
פון אונדזער הייליקער לאָזשע
אינקוויזיטאָרן!
געבענטשט זאָלט איר זײַן
פון אונדזער הייליקער קירך.
פון יעזוסעס הייליקן נאָמען
פון אוקראַיניש־קאָזאַקישן בלוטיקן נאָמען,
פון פאַשיסטיש־גערמאַנישן בלוטיקן נאָמען
און פון קאָמוניסטיש־סאָוועטישן בלוטיקן נאָמען!

און פון דער ווילמוטיקער מענטשהײַט!
יעדע דרײַ הונדערט יאָר,
ווי איר ווייסט,
מײַנע ברידער און פרײַנד,
פײַערן מיר,
אינקוויזיטאָרן,
אין נאָמען פון גאָט
און פון דער ווילמוטיקער מענטשהײַט
אונדזער הייליקן טאָג
פון באַפרײַען די וועלט,
וואַשן ריין
אונדזער זינדיקע ערד
מיט אומרייינעם בלוט
פון אומרייינע מענטשן,
וואָס ווילן ניט גלויבן
אין אונדזער הייליקן גאָט,
אין דעם געטלעכן זון,
מיט בלוט פון מענטשן,
וואָס זייער גאָלד און דאָס בראָנפן
זיי שטעלן ניט צו
צו קאַזאַקישע טישן אומזיסט,
מיט בלוט פון מענטשן,

וואָס דעם פּאַשיזם זיי ווילן ניט ליַידן
און פֿאַראַכטן אים פֿיַינטלעך,
ווי אַ בלוטיקן שונא,
מיט בלוט פון מענטשן,
וואָס זאָגן פֿאַר לײַטן,
אַז פֿריַיהײַט אין רוסלאַנד
גייט אין גראַטעס אַרומעט,
אין קייטן געשמידט,
און אויסער די גראַטעס
גייט זי אומעט צעבלוטיקט,
די פֿריַיהײַט,
מיט בלוט פון די אומגלויבער
וואָס צעשטערן
אונדזער מענטשלעכע מאַכט.
די סאָוועטישע
יעדע דרײַ הונדערט יאָר
טוען מיר, אינקוויזיטאָרן,
די הייליקע פֿליכט —
פֿלאַסטערן וועגן מיט בלוט
פֿאַר דער הייליקער צוקונפֿט,
פֿאַר דעם ליכטיקן גאַנג
פֿון דער מענטשהײַט באַנײַטער,

וואָס מיר אַליין, אינקוויזיטאָרן,
מיט אונדזער הייליקן געני
מיר האָבן דערעפנט.
און וועגן
צו ליכטיקער צוקונפט
פון מענטשהײַט
מוז מען פלאַסטערן
מיט מענטשלעכן בלוט
פון מיליאָנען
אומגלויבער!
ווען ניט מיר,
אינקוויזיטאָרן,
גייט אונטער דאָס הייליקע גלויבן,
ווען ניט מיר,
גייען אונטער אידייען
וואָס זיי זײַנען באַרופן
באַגליקן די מענטשהײַט,
און גופים זאָלן ריין זײַן
פון זינד און פון גלוסטונג, —
מערנישט נשמות זאָלן שוועבן
אין הייליקן רוים
מיט מלאכים אינאיינעם;

און אומריינע בלוט פון מיליאָנען —
אַ באַרעכטיקטע גאָב איז
פאַר דעם גליק פון דער מענטשהייט.
פאַר אונדזער אינקוויזיטאָרן־געני
דאַנקט אונדז די מענטשהייט
און דורות וועלן דאַנקען.
געאייניקט מיר זײַנען.
און איין ציל און איין צוועק
און איין איינציקער וועג
איז בײַ אונדז:
א י נ ק ו ו י ז י צ י ע !
צווישן די קלענערע פאַרגייערס מײַנע,
מיט בלוטיקן צלם געקרוינטע,
האָט מיך די געשיכטע
דערוויילט און באַרופן
דער ערשטער דער גרעסטער
דער בלוטיקסטער זײַן
אין אונדזער הייליקער לאָזשע
אינקוויזיטאָרן!
אין שפּאַנישן לאַנד
פון קאַטוילישן גלויבן,
פון קריסטוסעס נאָמען,

פון ווילן פון מײַנעם
צענדליקער טויזנטער אומגלויבער — ייִדן
אויף הייליקע שײַטערם
לעבעדיק זײַנען פֿאַרברענט,
געשלעפּט זיי פון היימען
ביים בלײַבן געחלשט,
צעריסן די שטילקײַט פון נאַכט
און געגאַנגען אונדז פוסטריט
איז דער געיאָמער
פון ווײַבער און קינדער.
געשלעפּט זיי פון בתי־מדרשים
ביים לייענען די תורה,
ביים רופן צו גאָט
מיט טויט־שרעק אין אויגן.
געשלעפּט זיי פון טורמעס,
אַפריִער געפּײַניקט,
געבראָכן די ביינער,
אַזוי ווי מיר קענען,
אינקוויזיטאָרן.
און מיט לוסט און מיט גלוסט
צו שײַטערם
צעפלאַמטע געשלײַדערט,

ווי העלצער
מאַמעס מיט קינדער,
צוזאַמען געקלעמטע,
מאַנען מיט ווײַבער,
זיך קיינמאָל צעשיידטע.
און מיט פרייד
פון באַרעכטיקטער שטראָף
און מיט הייליקער גלוסט
געקוקט און געהערט האָבן מיר,
ווי זיי פלאַקערן אויף
מיט שוואַרץ־רויטע פלאַמען,
ווי עס רײַסן דעם הימל געשרייען
פון פלאַמיקן פײַן,
און ווערטער געציילטע געהערט:
"שמע ישראל"!...
פון זייערע לײַבער געברענטע
דער ריח
דערקוויקט האָט,
ווי הייליקער ווײַרעך
אין קלויסטער.
אַ גלעקער־געקלאַנג,
אַ מענטשן־געזאַנג

האָט פאַרטויבט
דעם געוויין און געשריי
פון די גופים צעפלאַמטע:
"געלויבט איז דער גאָט,
וואָס אין הימלען
און אויף דער ערד
אין זײַן ווילן!"...
און ביז הײַנטיקן טאָג
ריין איז פון ייִדן
דאָס שפּאַנישע לאַנד.
און איין פאָלק און איין גלויבן.
און שפּאַניע געהערט צו די שפּאַניער
און צו קיינעם ניט מער.
און דערנאָך.
דרײַ הונדערט יאָר נאָכאַנאַנד
האָב איך מיט כבוד געטראָגן די קרוין
פון אינקוויזיטאָרן-מאַעסטראָ.
ס'האָט קיין אַנדערער קיינער
געמינערט מײַן כבוד
מיט העכסטע פאַרדינסטן
אַקעגן דער מענטשהײַט.
און ביז הײַנטיקן טאָג

שטאָלץ איז דאָס שפּאַנישע פֿאָלק
מיט מײַן נאָמען:
בלוט־אינקוויזיטאָר פֿון מענטשהײַט!
און עס גרויסט זיך די קירך
מיט פֿאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט,
די בלוטיקע קירך
די קאַטוילישע!
און זאָל וויסן
די מענטשלעכע מענטשהײַט:
אונדזער קאַטוילישער וועג איז —
בלוט און פֿלאַם!
און דערנאָך
איז אַ צווייטער מאַסטראָ געקומען,
און הערלעכער, שענער פֿון מיר.
כמעלניצקי באָגדאַן איז זײַן נאָמען.
זיך אויך פֿאַר דער מענטשהײַט געשטעלט
און פֿאַר דעם הייליקן כבוד
פֿון אוקראַינישן פֿאָלק,
פֿאַר דעם אויבער־מענטשלעכן כבוד
פֿאַר זײַנעם.
אָנגערירט האָבן דעם כבוד —
ייִדן!

און געקרייצט האָבן יעזוסן —
ייִדן!
און בראָנפן אין שענקען אומזיסט —
גיבן ניט ייִדן!
און האַנדלען, עס האַנדלען
נאָר ייִדן!
און דאָס אוקראַינישע געלט
בלײַבט בײַ ייִדן!
איז געלעסטערט אַרום און אַרום
דאָס מענטשלעך־אוקראַינישע פאָלק. —
האָבן ייִדן!
דער וועג
פון אוקראַינישן מענטשלעכן כבוד
איז איינער:
בלוט און פאָגראָמען!
און ריינוואַשן זאָל מען
די הייליק־אוקראַינישע ערד
פון די ייִדן!
האָט גערופן באָגדאַן.
ניט געברענט האָט ער ייִדן,
ווי איך האָב געטאָן.
נאָר געטאָן האָט ער ריין,

ווי עס טוען אוקראַינער:
פריִער געפּייַניקט, געשאָכטן,
געקוילעט צום טויט
און דערנאָך
מיט די הײַזער אינאיינעם
אויף קוילן פאַרברענט.
און דרײַ מאָל מערער פון מיר.
דרײַ הונדערט יאָר
און ביז הײַנטיקן טאָג
איז אינקוויזיטאָר כמעלניצקי
די שטאָלץ פון אוקראַאינישן פאָלק,
דעם מענטשלעכסטן פאָלק פון אוקראַינע.
דרײַ הונדערט יאָר
און ביז היינטיקן טאָג
היטן אויף אוקראַיִנער
שטאָלץ און געטרײַ
כמעלניצקים געבאָטן
מיט ייִדן באַגיין זיך:
קוילען זיי פריִער
און פאַברענען דערנאָך.
און איצט,
ווען אַוועק זײַנען דרײַ הונדערט יאָר

כמעלניצקים מענטשלעכער ערע,
און אומגלויבער קומען אַלץ מער,
האָט די ווילמוטיקע מענטשהײַט
בײַ אומרועז שווערע געבוירן
צוויי אירע באַפרײַער
פון אומרעכט און אומריין.
האָט די מענטשהײַט געבוירן
אירע צוויי טרעגער, —
איינעם — פון מענטשלעכן כבוד,
דעם צווייטן — פון פֿאָלקישן כבוד
און ביידע גרויס און באַרימט זיינען זיי
בײַ די נײַע דרײַ הונדערט יאָר
און מיט דאַנק און מיט ליבשאַפט פון מענטשהײַט.
דער איינער איז סטאַלין,
דער צווייטער איז היטלער,
אונדזערע פרײַנד זיינען ביידע,
און ערלעך פאַרדינט האָבן זיי
דעם הייליקן טיטול "מאַעסטראָ"
פון אונדזער הייליקער לאָזשע
אינקוויזיטאָרן.
און טראָגן מיט כבוד
די אינקוויזיטאָרישע

בלוט־רויטע קרוין
אויף זייער אויבערמענטשלעכן קאָפּ.
און דאָך
איז זי איינע,
די קרוין.
דאַרפן מיר פאָרשן,
וועמענס פאַרדינסטן
עס זיינען די גרעסטע
פאַר דער ווילמוטיקער מענטשהייט,
וועמענס גרויליקער זיינען,
וועמענס גרויזאמער זיינען,
וועמענטס בלוטיקער זיינען,
וועמענס בעסטיאַלער עס זיינען,
וועמענס טיראַנישער זיינען,
וועמענס פאַרדינסטפולער זיינען
פאַר דער ווילמוטיקער מענטשהייט
און פאַר ציוויליזאַציע.
זאָל יעדער איינער
דערציילן פון זיך,
וועט אונדז קלאָר זיין,
וועמענס האַרץ, וועמענס קאָפּ
איז פאַרדינסטפולער

טראָגן די קרוין
פון אינקוויזיטאָרן־מאַעסטראָ.
ביַי די נײַע דריַי הונדערט יאָר.
צום וואָרט קומט דער ערשטער
היטלער אַדאָלף,
אונדזער פריַינד.

היטלער:
— די שטים פון מיַין פאָלק,
פון מיַין דיַיטשישן פאָלק
איז דערגאַנגען צו מיר,
צו מיַין האַרץ,
צו מיַין ערלעך־טעווטאָנישן האַרץ,
און גערופן צו מיר
מיט בלוטיקן צאָרן:
זיך מערן, זיך פרוכפּערן מיר,
די טעווטאָנען,
און לעבנס־רוים ווו איז
פאַר אונדז?
און ווו איז אַמאָליקע דיַיטשלאַנד
פון ים און ביז ים?
און אַהינטער דער גרענעץ

עס שמאַכטן דאָרט ברידער...
און ווו איז טעוטאָנישע מאַכט
איבער אַלעמען העכער?
און ווו איז טעוטאָנישער פוס,
וואָס איבער אַלעמען טרעט ער?
און ווו איז טעוטאָנישע אויג,
דאָס וואַסערדיק־בלויע
דאָס זשעדנע צום פרעמד?
און דאָס טעוטאָנישע לײַב
מיט דער גלוסטונג פון חיה?
און דאָס טעוטאָנישע האַרץ
מיט דעם וועלפישן רייץ?
און פאַרוואָס איז טעוטאָנישע גאָלד
באַרויבט מיט די ייִדישע הענט?
און פאַרוואָס האָט טעוטאָנישע לופט
די וועלט ניט באַהערשט?
ס'האָט מײַן טעוטאָנישע פאָלק
מיך געפרעגט און געמאָנט און גערופן
מיך, זײַן זון דעם געטרײַען:
אַ וועלט־פירער זײַ!
און בליץ־שנעל
רוסישע פליינען באַטרעט,

די רוסן מיליאָנען
דערשטיק זיי צום טויט
און גיב אונדז, טעווטאָנען,
די רוסישע ערד!
און איינוועגס
דערשטיק
מיט פײַער און בלוט
די ייִדן פאַרפלוכטע,
די שמוציקע רויבער פון גוט
ביז איינעם!
צום לעבן ניט אויפשטיין
זאָל זייער פאָלק!
אָפּראַמען זאָלסטו די וועלט
פון דעם ייִדישן גײַסט
ווי קאַרל מאַרקס האָ געלערנט,
און דו, דער טעווטאָן,
אויסראַסן זאָלסטו
דעם ייִדישן גײַסט
מיטן ייִדישן גוף
און אינאיינעם!
אַזוי, ווי טעווטאָנען עס טוען.
און איך האָב געפאָלגט

מײַן טעװוטאָנישע פֿאָלק.
אין ייִדישע שטעטלעך,
אין ייִדישע שטעט
אין פּױלן און רוסלאַנד,
װוּ נאָר ס'האָט באַטראָטן
דער טעװוטאָנישער פֿוס,
צעשאָסן, צעקױלעט,
פֿאַרפּײַניקט, דערמאָרדעט,
אין גריבער בײַם לעבן באַגראָבן,
אין אױװונס פֿאַרברענט,
צו אַש אױסגעראָטן
אױף ריין
און ביז אײנעם —
זעקס מיליאָנען,
אױב ניט מער.
עס האָט די טעװוטאָנישע האַנט
ניט געציטערט.
עס האָט דאָס טעװוטאָנישע האַרץ
ניט גערירט
דער ייִדישער גרויל.
עס האָט אין דעם ייִדישן בלוט
זיך פֿאַרבלינען געקאָנט

דאָס טעוּוטאָנישע פאָלק.
און איך,
אַ טעוּוטאָנער בין איך,
און געהייסן אַזוי
האָט דאָס טעוּוטאָנישע פאָלק.
איך דערמאָן מיך:
ווייַבער און קינדער
און אַלטע און יונגע
מיט ביקסן געטריבן,
געהייסן אַ קבר זיך גראָבן
אַ גרויסן, אַ טיפן,
און בייַם ראַנד
זיי אין רוקן געשאָסן, —
פאַלן זיי זאָלן
אין גרוב,
לעבעדיק נאָך,
און פון אויבן באַשאָטן
די הענט אויסגעשטרעקטע.
טעג נאָכאַנאַנד
האָט צום הימל געשטורעמט
אין קיִעוו דער שטאָט
דאָס יִדיש געשריי און געקלאָג

פון די פאַרחלשטע טויזנטער־טויזנטער,
וואָס געשלעפּט און געשאָסן מיר האָבן
און געשלײַדערט אין גריבער אַרײַן.
אין געטאָס געזאַמלט אינאײנעם
און פון דאָרט
טויזנטער־טויזנטער־טויזענטער
צו די אויוונס געשלעפּט
און געברענט, —
ס׳האָט מײַן טעווטאָנישן פאָלק
דער ריח
פון ייִדישע לײַבער געברענטע
צום האַרצן געקוויקט.
מענטשלעכע בלוט
און מענטשלעכע פלייש
איז טעווטאָנען צום האַרצן!
און אַ שאָד איז:
עס זיינען נאָך ייִדן פאַרבליבן!
ניט באַוויזן דערשטיקן
ביז איינעם!
און ווער ווייסט זיי, די ייִדן.
דער צאָרן און האַס פון מיליאָנען
נאָך ניט דערקוילעטע ייִדן

וועט אונדז, די טעווטאָנען,
שטיקן און ווערגן.
און צולעצט מוז איך דאַנקען
יוסף סטאַלין, מײַן לערער,
פון אינקוויזיטאָרן דעם געני
פאַר זײַן מענטשלעכער לערע,
ווי אַזוי אונטערטעניק צו שטעלן
צו זיך
אַ פרעמד לאַנד
מיט אַ פרעמד פאָלק,
וואָס איז ווידערשפעניק,
און ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט ייִדן,
וואָס ווילן אַ פאָלק זײַן
ווי אַלע.
איך דאַנק אײַך,
מײַן פרײַנד יוסף סטאַלין!

טאָרקוועמאַדאַ:
— ווויל און רעכט
און גוט האָסט געטאָן,
היטלער אַדאָלף, אונדזער פרײַנד!
פון אומריינע לײַט

האָסט דײַן דײַטשישע פאָלק
און די מענטשהײַט באפרײַט.
נאָר איידער באשטימען דײַן רעכט
נאָך אויף דרײַ הונדערט יאָר
דעם הייליקן טיטול "מאַעסטראָ"
פון אינקוויזיטאָרן־לאָזשע
צו האַלטן
און פון אינקוויזיציע
טראָגן די קרוין,
זאָל לאָזן אונדז הערן אפריער
אונדזער פרײַנד יוסף סטאַלין,
מיט וואָס ער דערשײַנט הײַנט פאַר אונדז,
מיט וואָס האָט ער גליקלעך געמאַכט
די ווײלמוטיקע מענטשהײַט
בײַ זײַן אינקוויזיטאָרישן גאַנג,
מיט אומגלויבער ווי זיך באַגאַנגען,
און ווי אַזוי זיך מיט ייִדן צערעכנט.
פרײַנד סטאַלין,
קומט, איך בעט אײַך, צום וואָרט:

**סטאַלין:**

— מײַן ציל איז אידײיִש!

מײַן ציל איז דערהויבן!
אַ גליקלעכער ציל
צו באַגליקן די מענטשהײַט!
און צוערשט —
דעם אַרבעטער־קלאַס!
צו פֿרײַהײַט און גלײַכהײַט,
צום קאָמוניזם
ברענגען די וועלט!
קיין אָרעם, קיין רײַך,
און אַלעמען גלײַך —
אַ שטיקעלע ברויט
מיט אַ ביסעלע זאַלץ
און מיט וואַסער צוזאַט.
קאָן שוין זײַן
געניִאַלער פֿון דעם?
קאָן שוין מענטשלעכער זײַן?
און קיין אייגענע האָבן קיין גוטס,
אויסער אַ העמד אויפֿן לײַב
אַן אייגענע איז.
און צווישנאַנאַנד
און בײַ מענטשן
קיין שנאה, קיין קנאה ניט מער.

און רוקן און לענד
און די פיס און די הענט —
צוליב קאָמוניזם
זיי זיינען באַשאַפן.
און אַרבעטן אַלע
פון יונג און ביז אַלט
און ביז אין די גערדערים אַרייַן.
ווייַל:
קאָמוניזם!
און ווער עס וויל ניט, —
וועט ווערלן!
און ווער עס גלויבט ניט, —
וועט גלויבן!
אין מיר, אין מייַן גענִי,
אין קאָמוניזם!
און ווער עס פאַרשטייט ניט,
וועט מען אים געבן פאַרשטיין.
און ווען ניט,
און ער וויל ניט פאַרשטיין,
און אַן אומגלויבער איז ער,
ליקווידירן אים דאַרף מען,
ווען אַפילו אַן אָנשטעל ער מאַכט,

אַז ער גלויבט,
פֿאַרשן אים דאַרף מען
ווי מען דאַרף.
און טורמעס זאָלן זײַן,
עס זאָל קלעקן פֿאַר אַלעם.
און הענקערס זאָלן זײַן,
עס זאָל קלעקן פֿאַר אַלעם.
דאָס רוסישע פֿאָלק,
דער אייביקער קנעכט,
עס בעט זיך אַ בײַטש
פֿון טורמעס און הענקערס,
עס פֿאַרשטייט ניט זײַן גליק.
אַ גליקלעכן לעבן,
דעם קאָמוניזם
קאָן מען שאַפֿן
בלויז אין קנעכטישן רוסלאַנד
און מיט טורמעס און הענקערס
געפֿעסטיקט.
און רײַנוואַשן דאַרף מען
די רוסישע ערד
מיט אומגלויבער־בלוט.
און טאַקע באַלד,

נאָך מײַן אַרויף צו דער מאַכט,
האָב איך פֿויערים פּופּציק מיליאָנען,
וואָס ניט געגלויבט,
ניט געוואָלט האָבן זיי,
אויף צעפּרוירענער ערד,
ווּ קיין מענטש און קיין בוים,
די געהירן געגלײַכט
און די ביינער געצויגן
און קאָמוניזם געלערנט
און ניט דערלערנט ביז גאָר.
עס האָבן שאַקאַלן געפּראַוועט
מאָלצײַטן ווילדע דערנאָך
איבער פֿאַרפֿרוירענע לײַבער,
וואָס ניט געוואָלט, ניט געגלויבט
האָבן זיי
אין דעם גליק פֿון דער מענטשהײַט,
אין קאָמוניזם.
און וואָס פֿאַר אַ ווערט
האָבן פּופּציק מיליאָנען
צוליב קאָמוניזם?
אַנדערע פּופּציק מיליאָנען, —
שטאָטישע לײַט, —

זײַנען אין טורמעס, אין לאַגערס געבליבן
אונטער די הענט
פון מײַנע הענקערס געטרײַע,
דערשאָסן, דערשטיקט און דערמאָרדעט
אָן דין און אָן דין, —
מערנישט מײַן באַפעל!
ווײַל:
אומגלויבער
אַלע זיי זיינען געווען.
און דאָס איבעריק ביסל,
פאַרבליבן אין לאַנד,
ווי צוציקעס האָבן געצאַפּלט
און גלויבן גענומען,
און פון קאָמוניזם דעם ליכטיקן פּאַלאַץ
בויען גענומען
מיט אימפּעט און ברען
טאָג ווי נאַכט,
די ווענט אין דעם דאַך
און בײַם בויען
געוואַכט
מיט צאַפּל און גרויל:
אָט באַלד און אָט גלײַך,

און אפשר בײַנאַכט
אויסליזן װעט זײ די טורמע
אויף אײביק.
און ייִדן...
דאָס מיאוסע פֿאָלק...
פֿײַנט האָב איך זײ
נאָך פֿון מײַן גלחישער יוגנט,
די באַרויבערס פֿון רוסישן פֿאָלק,
די שװינדלערס, די קריכערס
צו אַמטן צו הויכע,
די מענטשן אָן ייִדישן כּבֿוד,
און אַ ייִדישע נאַציִע
װילן זײ שאַפֿן,
װען בלויז פֿון גאָטס גלויבן
אַ קאַסטע זײ זײַנען,
װי ס'האָט לענין געזאָגט.
און װי אַנדערע פֿעלקער,
דעם קאָמוניזם
צעשטערן אויך זײ,
די ייִדן.
און מיט זײ האָב איך אויך
קאָמוניזם געלערנט.

די שענסטע, די בעסטע בײַ ייִדן
דערשאָסן אין טורמעס,
פֿאַרפּײַניקט אין לאַגערס,
דערמאָרדעט אויף וועגן, —
קיין לײַטערס זיי זאָלן ניט האָבן
בײַם פֿאָלקישן אויפֿקום.
צעדריקט און צעטראָטן
דאָס ייִדישע וואָרט,
און שטומען זיי זאָלן
אין ייִדיש.
פֿון אָטעם פֿון הויכע
פֿאַריאָגט און פֿאַרטריבן,
און זאָלן די רוסן געניסן
און אָנפֿירן זאָלן
מיטן רוסישן לאַנד, —
און ניט ייִדן!
איך האָב זיי געלערנט,
די ייִדן,
פֿאַרגעסן אויף אייביק זיי זאָלן
פֿון אַ ייִדישן פֿאָלק
בײַם קאָמוניזם...

טאָרקוועמאַדאַ:

— פֿרײַנד מײַנע,
היטלער און סטאַלין!
מיט בענטשונג פֿון הייליקן קריסטוס,
מיט ליב פֿון וואויל-מוטיקער מענטשהײַט,
מיט דאַנק אַנערקענונג
פֿון אונדזער הייליקער לאָזשע
אינקוויזיטאָרן
כ'האָב געהערט אײַער וואָרט:
וואָס אַזוינס איז פֿאַשיזם,
וואָס אַזוינס קאָמוניזם.
און ווי אַזוי מען דאַרף גרייכן
צו בײַדע.
אויפֿן זינען עס לייגט זיך,
אַז איינס איז דאָס אַנדערע ווערט,
און אינקוויזיטאָריש
זיינען זיי ביידע.
און איר אַליין,
היטלער און סטאַלין,
איר זייט איינער דעם אַנדערן ווערט
צוליב אײַער געטרײַשאַפֿט
צו דער אינקוויציע.

און די קרוין
ווערט זייט אירביידע.
ס׳וועט אײַך די ווויל-גוטיקע מענטשהײַט
קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן.

## זאַמלען זיך ייִדן

און ייִדן...
ווו זאַמלען זיך ייִדן,
ווען ניט אין מנין?
ייִדן פּראָסטע, אָן חכמות,
און ייִדן מיט חכמות,
און ייִדן אַזוי זיך,
און גלאַט אַזוי ייִדן,
געמיינע, געוויינלעכע ייִדן, —
און אַלץ האָרעפּאַשנע.
קומט אַרײַן בערל דער קרומער,
דער שנײַדער,
גייט אַרײַן שמערל דער שוסטער,
דער אַלטער, דער הוסטער,
גייט אים נאָך פּײַוול דער גאַרבער

און לייבל דער פֿאַרבער
און מאָטל דער שטעפּער
און יודל דער קלעפּער
און יאָסל דער טעפּער
און יאַנקל דער בלעכער,
דער מײַסטער פֿון דעכער,
און אַלע אַזעלכענע ייִדן,
באַלמעלאָכישע מענטשן.
און עטוואָס געבויגן, געהויקערט,
און באַקן צעקנייטשטע געוואָרן,
און גאָרניט פֿון יאָרן.
זיי גייען,
און הענט — אויסגעשטרעקטע,
און עפּעס די דלאָניעס זיי פֿרעגן,
זיי מאָנען אַרוים עפּעס וואָס,
גלײַך ווי עמעצער קומט זיי,
און ווער ווייסט זיי,
וואָס און בײַ וועמען זיי מאָנען...
און אויגן...
אַזעלכענע אויגן,
וואָס שטענדיק פֿאַרבענקט
און פֿאַרביטערט זיי זײַנען, —

באַלמעלאָכישע אויגן,
און גלײַך ווי ברוגז זי זײַנען,
און ווער ווייסט זיי,
אויף וועמען
זיי זיינען ברוגז...
און אפשר ברוגז
אויפן ביטערן לעבן. —
און עס קומט זיי פאַרוואָס ?
און באַשערט איז פאַרוועגן ?
און זיך פּלאָגן אַזוי,
אַז פאַרן ביטערן שוויים
קלעקט ניט אויף שבת
קיין חלה צו קידוש !
און ווו איז דער אויסוועג ?
און ווו איז דער וועג ?
און ווער וועט זייהעלפן ?
און וואָס איז דאָס לעבן ?
און וואָס איז דער תכלית
פון מאַטערן זיך ?
זאַמלען זיך ייִדן אין מנין —
און ווו זאָלן זאַמלען זיך ייִדן,
ווען ניט אין מנין ?

קומען זיך יידן, —
ווער צו אַ מנחה,
און ווער צוליב נייַעס,
וואָס לאָזן זיך הערן.
אַ פּאָגראָם אין אַ נאַווינע באַלד, —
עס קריצן די ציין שוין די גוים.
און ווער ווייסט, און אפשר
ישועות, נחמות אויף יידן...
און וואָס זאָגן לייַטן
און וואָס טראַכטן מענטשן?
און וואָס לאָזט אונדז הערן
דער רבי?
און וואָס זאָגט מנחם דערויף?
און וואָס ענטפערט אים פּייַוול אַקעגן?
זיי זייַנען דאָך קלוגע
און מענטשן מיט קעפּ!
און בלעטער זיי לייענען.
און זאָלן זיי זאָגן,
און זאָלן זיי ריידן,
און זאָלן זיי ווייַזן
דעם עולם דעם פּראָסטן,
וווּ איז דער וועג,

און דער אויסוועג איז ווי
פון די ייִדישע צרות.
זאַמלען זיך ייִדן אין מנין.
און ווי גאָט וועט געבן,
און אַבי אַלע אינאיינעם.
אַ גזירה — אינאיינעם,
אַן עצה — אינאיינעם,
און לײַדן און פּײַן —
און אינאיינעם.
און וואָס כל ישראל וועט זיין,
צו רב ישראל וועט אויסגיין.
זאַמלען זיך ייִדן
וואָס מערער און מערער
און קומען אין מנין אַרײַנעט.
און דאָ עפּעס דוכט זיך,
עס פאַלט שוין דער טרויער אַנידער
פון די שטערנס צעקנייטשטע,
און בענקשאַפט — פון אויגן אַראָפּ,
און פון האַרץ און צו האַרץ
און שטראָמעלעך ריזלען אַרײַן, —
וואַרעמער, ייִדישער, האַרציקער שײַן.
און שטילינקערהייט

און ס'קומען די הערצער
צו רייד:
— אוי, ווי גוט איז מיט יִדן!
— אוי, ווי ווויל איז מיט יִדן!
און אינאיינעם צו זײַן!

* * *

קוים וואָס עס פאַלן
די שאָטנס די ערשטע
צו די ווענט צו די גרויע
אין מנין
דורך די טונקעלע שויבן אַרײַן.
זיינען פלעמעלעך וואַרעמע, לעצטע
הענגען געבליבן פון שקיעה,
קופערנע, צאַרטע,
און קנייטשן געצערטלט מיט ליבשאַפט
אויף באַלמעלאָכישע באַקן,
און אויגן פאַרבענקטע געוואַרעמט,
און דלאָניעס אויף קניִעס געגלעט.
אַ האַמעטנע שטילקייט פאַלט צו,
בלײַבט ליגן אויף הערצער געמיינע.
רופט זיך אָפּ מענדל־דוד
דער שמיד

צום רבין:

— רבי! איר זייט דאָך אַ חכם אַ ייִדה,
און לעדנען איר קענט דאָך.
איז גיט אונדז אַן עצה:
ווי אַזוי מאַכט מען קידוש,
אַז קיין ברויט איז ניטאָ
און ווייַן שטייט אין קעלער
בייַם גביר?
און ווי אַזוי פון פּאָגראָמען
זאָלן זיך ראַטעווען ייִדן?
קנייטשט דער רבי דעם שטערן,
ציט די באָרד מיט דער האַנט,
שליסט די אויגן אַ ווייַלע
און עפנט זיי באַלד,
צו דער סטעליע פארגלאָצט,
און מעיושבדיק-וואָגיק
רעדט ער אַרויס:
— תשובה ותפילה וצדקה
מעבירין את רעה הגזירה!
תשובה טאָן דאַרף מען!
מתפלל זייַן דאַרף מען!
געבן צדקה מען דאַרף!

ווען זיך מרחם זײַן גאָט ברוך הוא!

— רבי! — רודערט דער שמיד —

ניט געזינדיקט האָבן מיר,

באַלמעלאָכעס די פּראָסטע,

און דרײַ מאָל אַ טאָג

אַז מיר דאַוונען,

און צדקה — אַליין בעטן מיר.

איז פאַרוואָס און פאַרוועען

עס קומט אונדז די נויט?

און פאַגראָמען פאַרוואָס?

און פאַרוואָס שטראָפט אונדז גאָט?

קנייטשט דער רבי דעם שטערן,

פאַרגלאָצט ווידער די אויגן

און שווײַגט.

מערנישט ס׳ציטערן פינגער די בלאַסע

איבער צעעפנטן ספר דעם אַלטן.

דויערט דאָס שווײַגן

און דרינגט ווי אַ וואָרים

אין הערצער אַרײַן

און עגבערט און לעכערט אַדורך.

— אָט אַזוי איז דאָס, רבי! —

קרעכצט מענדל־דוד דער שמיד,

גלײַך װי אַ בלאָז־זאַק אין קוזניע.
עס װײסן מערנישט באַלמעלאָכעס
װאָס עס קרעכצט מענדל־דוד.
— און בכלל...
װאָס מיט ייִדן װעט זײַן?
לאָזט ניט אָפּ מענדל־דוד —
ניט אונדזער שטעטל איז אײנע בײַ גאָט,
און אומעטום זײנען דאָך ייִדן,
אַזעלכע װי מיר,
האָרעפּאַשנע און פּראָסטע.
איז װאָס האָט מען צו ייִדן?
װאָס?
א, רבי? װאָס שװײַגט איר?
גיט אונדז אַן ענטפער:
זאָל מען זיך פּלאָגן דערװײַלע,
ביז משיח װעט קומען?
װאַרטן און אָפּגיין מיט בלוט,
ביז די גאולה װעט שײַנען?
און װער װײסט, װען זי קומט,
און צי קומט זי בכלל די גאולה?
נײן, רבי! טאָן דאַרף מען עפּעס!
און װאָס צו טאָן,

ווייסן מיר ניט.
באַלמעלאָכישער שכל
טראָגט ניט אויף פּסקנען שאילות.
איך ווייס, אַז ניט גוט האַלט מיט ייִדן.
זיפצן אָפּ באַלמעלאָכישע הערצער.
און אין טונקעלער שטילקייַט
רופט ווידער זיך אָפּ מענדל־דוד:
— זאָג דו אונדז, מנחם!
רייד צו אונדז דו!
דייַנע ווערטער ווי בוימל זיי טריפן
אין אונדזערע הערצער אַרייַן.

מנחם:
— געזאָגט האָב איך דיר, מענדל־דוד,
און צו ייִדן גערעדט:
און לאָמיר אַלע געדענקען:
הונדערטער יאָר נאָכאַנאַנד
וועט דאָס רוסישע פאָלק
דאָס פאַרשקלאַפטע
רייַסן און ברעכן
מיט בלוטיקן צאָרן
די קייטן און גראַטעס

פון אייביקער קנעכטשאַפט.
און הערשער
פון הײַנט און פון מאָרגן,
וואָס ווילן זײַן הערשער,
וועלן אײַננעמען מוזן
דעם פאָלקישן צאָרן
מיט בלוט און מיט גראַטעס.
וועט שטילן זײַן צאָרן
דאָס רוסישע פאָלק
מיט בלוט פון די שוואַכע, —
מיט ייִדישן בלוט.
די הערשער אַליין
וועלן טרײַבן די שקלאַפן
וואָס ווײַטער פון זיך,
פון דעם אייגענעם שולד, —
צו דעם ייִדישן שולד.
און אין ייִדישע הײַזער
זאָל דער רוסישער צאָרן
זיך שטילן און לעשן
מיט ייִדישן בלוט.

איין אויסוועג

האָבן מיר, ייִדן:
פון פּאָגראָם־לאַנד אַרויס!
און צום היימלאַנד אַרײַן!
צום דעם אַלט־נײַעם היימלאַנד
פון אונדזערע אבות.
זאָל הילכן און שאַלן דער רוף:
דאָס ייִדישע פֿאָלק
צו זײַן ייִדישן לאַנד!
דאָ, אין פּאָגראָמלאַנד,
אין בלוטלאַנד,
וועט קיינמאָל די גאולה ניט קומען!
שטיל איז געבליבן מנחם,
און ס'אָטעמען שווער
באַלמעלאָכישע הערצער.
און אויגן
אַראָפּ צו די דלאָניעס,
גלײַך ווי זיי בעטן
אַן ענטפער בײַ דלאָניעס,
אַ האַרציקע עצה
בײַ די האַרציקע פרײַנד,
בײַ די שפּײַזערם.

פּלאַצט אויף די שטילקייט,
און עמעצער פרעגט:
— זאָג מיר, מנחם, איך בעט דיך:
אויף די זוואַלינעס דאָרטן
בולקעס וועלן וואַקסן
אין ארץ ישראל?

**מנחם:**

— ניין! אַקערן וועסטו דיַין ערד
אין דיַין אייגענעם לאַנד
און זייען מיט שוויים און מיט טרערן,
און מיט געזאַנג
וועסטו שניַידן דיַין ברויט,
און חלה וועט קלעקן
אויף שבת און וואָך,
חלה, געבוימלט מיט פרייד
פון האַרצן דערקוויקטן פון דיַינעם,
באַשמירט מיט דער ליבשאַפט
פון דלאָניעס פון דיַינע.
און בענטשן במזומן וועסטו
ניט ביַידריט, —
מיטן ייִדישן פאָלק און אינאיינעם

וועסט בענטשן!
און רופן וועסטו:
— לאַנד מײַנס!
געבענטשט זאָלסטו זײַן!
מײַן פרײַע, מײַן ייִדישע לאַנד!
מײַן ייִדיש־מענטשלעכע פאָלק,
געבענטשט זאָלסטו זײַן!
און די דלאָניעס די גראָבע, די האַרטע
פון מײַן ייִדישן פאָלק
געבענטשט זאָלן זײַן!
און אויגן צעשטראַלטע,
האַרציקע, ברודערשע אויגן
געבענטשט זאָלן זײַן!
און הערצער מיט ליבשאַפט
צום פאָלק און צום מענטשן
געבענטשט זאָלן זײַן!
און גליקלעכע מאַמעס
מיט קינדער אויף ברוסטן,
מיט קינדער,
וואָס קלינגענדיק לאַכן
און ציִען די הענטלעך אַנטקעגן
די גליקלעכע טאַטעס

די טאַטעס די יונגע,
געבענטשט זאָלן זײַן!
דײַנע מוטיקע יונגען
מיט אויגן מיט בלויע
ווי הארבסטיקער הימל
פון מײַן אייגענעם לאַנד,
אויגן ווי אָפּגרונט
און וואַרעם ווי זון,
דײַן שעפּעריש מי וועלן וואַכן,
די ייִדישע יונגען,
און וואַכנדיק ליבן,
און ליבנדיק וואַכן,
דײַנע מוטיקע יונגען
געבענטשט זאָלן זײַן!

רופט זיך אָפּ מענדל-דוד:
— הלוואי וואָלט דאָס אמת געווען!
און דאָך...
עס דוכט מיר, מנחם,
אַז נביאות איז דאָס
און ניט מער,
צו אונדז וואָס דו רעדסט,
ווי דער נביא אַמאָל האָט געזונגען

פון אַן ערגעץ־לאַנד שיינעם . . .
טרייסטן דו ווילסט אונדז
מיט גליקלעכע ווערטער מיט שיינע
און לאָזן פאַרגעסן אַ ווײַלע
אויפן ביטערן דלות און נויט
און קוויקן די הערצער פאַרשמאַכטע.

**אַ שטים:**

— פוסטע חלומות, מנחם!

**אַ שטים:**

— מיר דאַרפן ברויט האָבן הײַנט! . . .

**אַ שטים:**

— וואָס העלפט אונדז נבֿיאות,
אַז ביז דער נחמה
וועט אַרויס די נשמה.

**אַ שטים:**

— פײַוול! וואָס שווײַגסטו?

פּײַוול:

— ייִדן! חברים!

געננג אויף משיחן וואַרטן

אין דעם הייליקן לאַנד.

עס פאַרבלענדט אייך מנחם.

מיט ווערטער מיט שיינע.

ניט לאָזט זיך פאַרפירן.

אין ערגעץ ניט גיין.

אונדזער משיח

איז דאָס פאָלק האָרעפּאַשנע,

מיר נעמען די מאַכט,

און פרײַ ווערן אַלע,

און גלײַך ווערן אַלע,

סײַ קריסט און סײַ ייִד,

און פרײַנד וועלן זײַן,

און אַרבעט און ברויט

וועט אונדז קלעקן אַריבער.

אָט דאָ, אין דעם רוסישן לאַנד,

וועט זי זײַן, די גאולה

און ניט אינעם לאַנד

פון חלומות פון וויסטע.

מנחם:

— הערט אים ניט, ייִדן!
מיר קענען זיי גוט,
די פּאַרנאַרעס!
זיי האָט קיינמאָל געאַרט
פאַרן ייִדישן פאָלק,
און מערנישט פאַר זיך
און פאַר זייערע נאָר,
די רוסישע ברידער!
מייַנע ווערטער געדענקט:
אייביק ניט אויפהערן וועלן פּאָגראָמען
אין דעם בלוטיקן לאַנד
פון פּאָגראָמען
דורך דעם פאָלק פון פּאָגראָמען!
אייביק! געדענקט!

דאָקטער:

**(גייט אַרייַן אין מנין שטילערהייט און בלייַבט שטיין בייַ דער טיר, געבויגן דעם קאָפּ. אַלע קערן זיך אום צו אים, דערוואַרטנדיק)**

דאָקטער:

— ייִדן! צו אייַך כ׳בין געקומען...

מענדל־דוד:

— וואָס מיטאָמאָל עפּעס, דאָקטער?
מיר האָבן דיך קיינמאָל
אין מנין געגזען.

שטימען:

— על פּי טעות, זעט אוים:
געגאַנגען אין קלויסטער
און פאַרבלאָנדזעט אַהער.
— צום דאָרף איז דיַין וועג, —
דיַינע גוים דאָרט היילן...
און ריידן צו זיי...
אונדז, ייִדן,
האָסט פאַר פרעמדע געהאַלטן...
— פּראַווען יאָרציַיט געקומען איז ער
נאָך דעם פויערס געפּגרטער קאַץ...
— נאָך דער גויה,
דער חברטע זיַינער...
— איז וואָס איז ער, דער דאָקטער:
אַ ייִד צי אַ גוי?
— אַזוי זיך אַ מענטש...
— וואָס הייסט: אַזוי זיך אַ מענטש?

עס זיינען פאַראַן דען
אַזעלכענע מענטשן ?
עפּעס דאַרף מען דאָך זײַן :
אַ ייִד צי אַ טערק צי גאָר אַ ציגײַנער...
— אַ גוי איז ער,
ניט קיין געשמדטער

מענדל־דוד :
— דאָקטער, איך בעט דיך :
זאָג אונדז און ענטפער :
עס האָט דיך געאַרט ווען
פאַר ייִדן ?
עס האָט דיך גערירט ווען
דאָס לײַדן און פּײַן
פון אַ ייִדן ?
עס האָבן פאַרגראָמען
דײַן האַרץ ווען גערודערט ?
דעם ייִדישן דלות
געפילט האָסטו ווען ?
איז וואָס מיטאַמאָל און צו ייִדן ?
אָפּלאַכן ווילסטו פון אונדז ?
וואָס מיינט דײַן קומען

צו ייִדן צו פּראָסטע?

דאָקטער:

— פֿאַרטרײַבט מיך ניט, ייִדן

פֿון זיך!

שולדיק בין איך

קעגן אײַך.

פֿאַרבלענדט און פֿאַרבלאָנדזשעט

בין איך יאָרן געגאַנגען

מיטן רוסישן פֿאָלק,

מיטן רוסישן וועג,

מיטן רוסישן טרוים,

מיטן רוסישן אויסדרוק,

מיטן רוסישן גרויסמוט,

מיט רוסישער פֿרײַנדשאַפֿט.

געגאַנגען צום רוסישן פֿאָלק,

צום רוסישן פֿויער געגאַנגען,

אַזוי האָט דער אויסדרוק גערופֿן,

געהיילט אים, דעם פֿויער,

פֿון פֿרײַהײַט דערציילט אים,

פֿון אַ בעסערן לעבן זאָל קומען.

און רוסישע גײַסטער

און רוסישן בלענד,
נאָך פון מײַן יוגנט געכאָוועט,
אין הארצן געטראָגן אין מײַנעם,
און בײַ מײַן גאנג —
בלינד און בלענד,
טויב און שטום, —
כ׳האָב דאָס רוסישע פאָלק
ניט דערהערט, ניט דערזען, —
ביז איין מאָל...
און געפלאצט האָט מײַן טרוים
מיטאמאָל...
מײַן רוסישער טרוים,
מײַן רוסישער בלענד...
ווען ייִדישע פענצטער און טירן
געהאקט האָבן פויערים מײַנע,
ייִדישע קינדער,
פיצעלעך קינדער,
טאטעס און מאמעס
געקוילעט, געפּײַניקט,
געפלעט זיי די שארבנס,
געטרייבערט, פארגוואלדיקט,
ווי שיכורע וועלף

האָבן רוסישע פּויערים מײַנע,
און גערויבט און געשלעפּט
דאָס אָרעמע ייִדישע גוטס.
כ׳האָב זיך קעגנגעשטעלט
צו די רויבער, —
אַ צעבלוטיקער האַק
האָט פֿאַרמאָסטן זיך הויך
איבער מײַן קאָפּ,
און שיכורע שטימען באַקאַנטע
האָבן צעווילדעט געוועוועט:
— זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ!
וועסט אויך דאָ באַלד ליגן
אינאײנעם מיט דײַנע!
בלוטיקע דלאָניעס,
בלוטיקע אויגן,
דאָס העמד איז אין בלוט,
אין ייִדישן בלוט,
און אַלץ איז אין בלוט,
און ס׳דרייט זיך אַרומעט
אַ שיכורער, בלוטיקער, וועלפֿישער
שווינדל
און קוילעט און הרגעט,

און טרייבערט און פּײַניקט...
— מיך קוילען זיי! —
האָט צעריסן מײַן האַרץ,
האָט צעדונערט מײַן קאָפּ, —
מיך, דעם ייִדן,
וואָס אַ רוס איז געווען!
מיך, דעם רוס,
און געוואָרן אַ ייִד!
ייִדן! ברידער מײַנע!
זײַט מיר מוחל!
פֿאַרגיט מיר!
אין דעם וועג
פֿון מײַן בלינד און מײַן בלענד,
אין מײַן גאַנג
פֿון אויסדוכט און טרוים
ניט דערהערט,
ניט דערזען האָב איך
זיך אַליין
און מײַן ייִדישן פֿאָלק.
און געקומען בין איך
צו אײַך
און צו זיך...

פֿאַרטרײַבט מיך ניט, ברידער,
איך בעט אײַך...
איז געפֿאַלן אַ שטילקייט
צו הערצער און קעפּ האַרעפּאַשנע.
און שטילערהייט פֿרעגן:
— און וואָס וויל ער האָבן, דער דאָקטער,
פֿון ייִדן די פּראָסטע?
— וואָס גייען אונדז אָן זײַנע מעשׂיות?
— ער שלאָגט זיך על חטא,
גלײַך ס׳איז ערב יום כּפּור...
און מאָרגן ט׳ער ווידער
צו די גוים אַוועק...

מנחם:
— דאָקטער! דערלויב מיר צו פֿרעגן:
און גרייט ביסטו שוין
זיך באַהעפֿטן מיט ייִדן?
טראָגן ייִדישע לײַדן און פּײַן
ביסטו גרייט?
שטעלן דײַן לעבן פֿאַר ייִדן
ביסט גרייט?
און ווייסן זײַ, דאָקטער:

מיר האַלטן פאַר ייִדן דעם איינעם,
וואָס גייט מיט אונדז, ייִדן, אינאיינעם.
מיר האַלטן פאַר ייִדן דעם איינעם,
וואָס רופט זיך אָן ייִד אויפן קול,
און שטאָלץ און דערהויבן
זײַן ייִדישן נאָמען
ער טראָגט ווי אַ פאָן.
מיר האַלטן פאַר ייִדן דעם איינעם,
וואָס מיט לײַב און מיט לעבן,
מיט ליב און מיט ליבשאַפט
גייט ער מיט ייִדן.
מיר האַלטן פאַר ייִדן דעם איינעם,
וואָס שטעלט אײַן זײַן לעבן
פאַר ייִדן.
גרייט ביסטו, דאָקטער, דערצו?
און ייִדן וועלן גרייט זײַן
דיך אויפנעמען האַרציק
און ווידער אַ ייִד וועסטו זײַן,
און מיט ייִדן אינאיינעם
און אַ גלײַכער צו אונדז,
און אַ ברודער מיט אונדז,
אַ האַרציקער ברודער.

איז זאָג אונדז דײַן וואָרט,
און ייִדן זאָלן הערן!
זאַמלען זיך ייִדן
געדיכטער צום דאָקטער
און נענטער אַלץ
און אינאײנעם
מיט פּלייצעס מיט ברייטע
גערירט און געריגלט
און מיט באַלמעלאָכישע הערצער
באַשיצט און דערוואַרעמט.
און דערוואַרטנדיק־האַרב
קוקן אויגן,
באַלמעלאָכישע טרויעריק־בענקענדע אויגן.
און ס'דוכט זיך:
עס קלאַפּן ניט מער
באַלמעלאָכישע הערצער
אין אויסדויער שטילן, געשפּאַנטן.
און גלײַך ווי אַ ווידוי, —
אַ צעבראָכענע שטים:
— גרייט בין איך, ייִדן,
און אינאײנעם מיט אײַך!
און ביז מײַן לעבן

כ׳וועל גרייט זײַן!

— איז גוט! — ענטפערט מנחם.

— איז גוט! — ענטפערט אָפּ מענדל־דוד.

— איז גוט! — זיפצן אָפּ

באַלמעלאָכישע הערצער.

און ניט באַוויזן צו אָפּזיפצן זיך,

שרײַט אַרויס מענדל־דוד:

— שאַט, ייִדן!

זאָל זײַן שטילער אַ ביסל!

איר הערט?

עפּעס אַן אומרו אינדרויסן...

רוצחישע קולות...

צעווילדעט, צעיושעט...

אַ האַקן אין שויבן איר הערט?

עפּעס שרײַען דאָרט ווײַבער און קינדער...

אַ ליאַרעם, אַ טומל, אַ שווידער...

אַ פּאָגראָם זאָל דאָס זײַן?!

שטימען:

— ווער וועט אונדז ראַטעווען, ייִדן?

— ווידער אַ שחיטה!

— וויי און ווינד איז צו אונדז!

**דער רב (צענעמט דעם פּרוכת, צעעפנט דעם ארון קדוש און שרײַט אויס מיט געוויין):**

**דער רב:**

— טאַטע אין הימל!
ראַטעווע דײַנע קינדער!
האָב רחמנות אויף ייִדן!
(אין מנין לויפן אַרײַן צעשראָקענע ייִדן)

**שטימען:**

— גוואַלד, ייִדן, ראַטעוועט!
— אַ פּאָגראָם איז אין שטעטל!
— מען קוילעט! מען הרגעט!...

**מנחם:**

— און אַזוי וועט עס אָנגיין
אין לאַנד פון פּאָגראָמען!
און דערווײַל, ייִדן:
קומט!
העק און פרענטן נעמט מיט
און פּלעטן די רוצחישע קעפּ
און ברעכן די ביינער

און לייגן אויף קאַלט זיי!
קומט! זיך שלאָגן פאַר ייִדן!
און אַלע אינאיינעם
און אַלע ביז איינעם!
(מענטשן לאָזן זיך גיין מיט מנחמען)

**דאָקטער:**

— איך גיי אויך מיט אײַך ייִדן!

**מנחם:**

— דאָקטער! דו בלײַב דאָ.
וועסט היילן די קראַנקע,
פאַרוווּנדעטע בינדן.

**דאָקטער:**

ניין! לאָז מיך, מנחם,
זיך שלאָגן פאַר ייִדן!
און היילן און בינדן
וועט לייזער דער רופא.

**מנחם:**

— איז קום!

און וואָס גיכער!

**פּײַוול:**

— מיט דיר גיי איך, מנחם!

מײַנע גייען אַלע!

**מנחם:**

— דו, פּײַוול?

וואָס גייט דיר אָן

דאָס ייִדישע פֿאָלק?

אויף קריסטלעכע ברידער,

אויף חברים אויף דײַנע

קיין פּאָגראָמען מאַכט קיינער...

**פּײַוול:**

— אַלע גייען מיר אָן,

וואָס לײַדן און שמאַכטן פֿון אומרעכט!

**(דער מגין בלײַבט ליידיק. בלויז גע־ציילטע מענטשן פֿאַרבלײַבן. ביסלעכ־ווײַז שטילט דער רעש פֿון פּאָגראָם. באַלד קומט אַרײַן מנחם מיט אַ גרויסער גרופּע מענטשן. מען ברענגט אַרײַן די**

**פאַרוווּנדעטע, צווישן זיי אויך דעם דאָקטער. דער רופא בינדט זיי די וווּנדן. אויף דעם דאָקטערס פאַרבונדענעם קאָפּ פלאַמען אויף בלוט־פלעקן. ער קרעכצט שווער).**

**מנחם (ביַי דעם דאָקטער צוקאָפּנס שטייט לייזער דער רופא און צעפּירט מיט די הענט און לאָזט וויַיזן מנחמען, אַז דעם דאָקטער איז ניט צו העלפן).**

מנחם (נעמט דעם דאָקטערס האַנט):

— וועסט געזונט ווערן, דאָקטער!...

ברודער מיַינער!

און טאַקע באַלד!...

**דאָקטער:**

— דאָס ווייס איך אַליין שוין, מנחם,

ווו איך האַלט אין דער וועלט...

וואָס דאַרפסטו מיך טרייסטן...

(ייִדן זאַמלען זיך אַרום דעם דאָקטער)

**דאָקטער:**

— ריין בין איך איצטער

קעגן מײַן ייִדשן פאָלק...

און ערלעך... אויסגעפירט...

דעם געבאָט פון מײַן פאָלק...

מײַן לעבן געשטעלט...

פאַר ייִדישן בלוט...

אַ ייִד צווישן ייִדן

איך שטאַרב...

**דער רופא** (כאַפּט דעם דאָקטערס דופק):

— אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן

און אַ גוטער בעטער זײַן

פאַר אונדז...

**שטימען** (שטיל־טרויריק):

— געשטאָרבן דער דאָקטער!...

— אַ רחמנות!...

— אַי—אַי—אַי!

**(באַלמעלאָכעס ווישן טרערן מיט די דלאָניעס און זיפצן אָפּ שווער).**

מנחם (צינדט אַ פּאָר ליכט צוקאָפּנס
דעם דאָקטער):
— לאָמיר זאָגן קדיש נאָך אַ ייִדן!

## בלוט פאַר בלוט — פאַרן כבוד פון יידשן פאָלק

**וואַרשעווער געטאָ 1943. אַ בוידעם שטיבל, קוים באַלויכטן. אַ גרופּע יוגנט־לעכע און דערוואַקסענע.**

יוסף:

— ביינאַכט...
בליקן צעשוידערטע גרויליק,
הערצער צעצאַפּלטע בלוטיק,
אין פינצטערער שטומעניש וואַרטן
דעם אייזערנעם אָפּהילך
פון געקאָוועטע טריט, —
פון מערדערשע פּיס —
דעם געהילך
אין גאַסן פאַרשטומטע.

וואַרטן דעם טויט,
וואָס וועט מיט וועלפיש־טעוווטאָנישע אויגן,
וואַסערדיק־בלויע,
הענקעריש־קאַלטע, —
דעם טעוווטאָנישן טראָט,
וואָס מיט ביקס און מיט שטיוול
וועט צעהאַקן די טיר...
ביינאַכט...
וועט דער טעוווטאָנישער טויט
שלעפּן פון היימען
געחלשטע פרויען,
זויג־קינדער רייסן פון ברוסטן
און שליידערן זיי צו דער ערד
און שלעפּן די מאַמעס...
ביינאַכט...
אין גרויליקן פינצטער פון גאַסן,
אין גרויזאַמער שטילקייט פון טויט
אַן איינזאַמער שאָס
און אַ צווייטער,
און אַ הענקעריש־ווילדער געלעכטער
פון מערדערשן גלוסט,
און עלנטע ווייבער

מיט צעטריקנטע אויגן
פון צער און ווייטיק
זוכן און טאַפּן און טרעטן
אין בלוטיקע גאַסן
אין פינצטערער שטילקייַט
די לייַבלעכע גופים,
וואָס הויכן נאָך אפשר
מיטן הויך מיטן לעצטן
פון גסיסה.
בייַנאַכט...
אויף ברוסטן בייַ מאַמעס
אין קעלערס און בונקערס
די קאַלטע, די נאַסע
גייען אוים קינדער פון הונגער.
און פון הערצער צעקלאַגטע
עס רייַסן זיך קרעכצן:
— פּאַרפאַלן! פּאַרפאַלן!
— און ווען וועט שוין קומען דער טויט?!

עליעק:
— און בייַטאָג...
טעווטאָנישע אויגן צערייצטע

און טעווטאָנישע מערדערשע הענט
שלעפּן האַלב־נאַקעטע ייִדן
פֿון הײַזער אַרויס,
ייִדן, געפּײַניקט מיט ביקסן,
ייִדן, געטראָטן מיט שטיוול,
ייִדן, מיט "שמע!" ניט דערשריִען,
מיט "ראַטעוועט!" נאָך ניט דערצאַפּלט,
מיט בלוטיקע טרערן פֿאַרגאַנגען...
טויזנטער־טויזנטער ייִדן
געשלײַדערט אין אויטאָס
און אַוועק, —
צו די אויוונס אַרײַן...

מרדכי:
— און בײַנאַכט און בײַטאָג, —
און ניט דערזאָגט האָסטו נאָך —
זאַמלען זיך ייִדישע יונגען אָט דאָ,
ייִדישע יונגען,
וואָס שענקען קיין בלוט ניט,
קיין ייִדישע בלוט ניט
דעם שונא.
ייִדישע יונגען,

מיט הערצער צעקאָכטע
בייַנאַכט און בייַטאָג.
זאַמלען מיר כוחות
פון בלוטיקן צאָרן
און שמידן די הערצער צעגליטע
און קרעפטיקן דלאָניעס געקלעמטע
און רופן צום קאַמף
בייַנאַכט און בייַטאָג...
מיר הייבן און פייַלן
די אַלטע פאַרזשאַווערטע
ייִדישע שווערד
און דעם אַלטן
דעם ייִדישן
גייַסט
פון פאָלקישן כבוד,
פון פאָלקישער מוט און פון גבורה.
די שווערדן,
וואָס טויזנט אַכט הונדערט יאָר
זיי זייַנען געלעגן באַגראָבן
אונטער הייליקע שמות צעפליקטע...
מיר הייבן דעם גייַסט פון בר־כוכבאן,
מיר הייבן די שווערד פון בר־כוכבאן.

אונדזער הײַנט,
אונדזער מאָרגן איז דאָס:
פֿאַר ייִדישן כבוד,
פֿאַר ייִדישן בלוט
װעט װאַשן אויף ריין
מיט טעװטאָנישע בלוט
די ייִדישע שװערד
און די ייִדישע מוט.
פֿון הײַנט אָן
און אויף אײביק
זאָל ייִדישער כבוד
און ייִדישע מוט
זײַן געפֿלאָכטן אינאײנעם
מיט שװערד און געראַנגל.
און הײַנט
זאַמלען זיך יונגען אַהערצו,
גרײטע צו שלאַכטן,
צום שװערדן־פֿאַרמעסט
מיט בלוטיקן שונא,
צו ראַטעװען ייִדן
און מיט טעװטאָנישן בלוט
נעמען נקמה

פאַר יידישן בלוט.
אויפשטאַנד, חברים!
מיר,
דאָס יונגע דאָס יידישע פאָלק,
דאָס פאָלק פון געראַנגלער,
זיך גרייטן צו שלאכטן
זאָלן מיר
קעגן טעווטאָנישע מערדער!

* * *

דאָס זעלביקע בוידעם-שטיבל.

יוסף:
— מקוים געוואָרן איז היינט
אונדזער ערשטער געבאָט —
זיך שטעלן פאַר יידן
מיט שלאכט.
געפלאַסטערט מיט מערדערשן בלוט
זיינען יידישע גאַסן געוואָרן.
מערדער אַנטלויפן
פון יידישע באָמבעס,
פון יידישע קוילן!

טעוועטאָנען אַנטלויפן!

מרדכי:

— טעוועטאָנען אַנטלויפן
פאַר ייִדישער מוט!
מיר, דאָס הײַפעלע ייִדישע קעמפער,
קעגן פּאַנצער־מאַשינען,
קעגען טאַנקען, האַרמאַטן...
אונדזער ערשטער נצחון איז דאָס.
און נאָכמער:
אַ צווייטן נצחון
מיר האָבן געוווּנען
דעם גרעסטן:
צוטרוי בײַ ייִדן
מיר האָבן געוווּנען!
ניט בלויז די מערדער אַנטלויפן
פאַר ייִדישע קעמפער, —
דער יִאוש
אַנטלויפט איצט פון ייִדן!
געוווּנען דאָס ייִדישע פאָלק,
געוווּנען די ייִדישע מוט,
געוווּנען די ייִדישע שווערד,

געוווּנען דאָס גלויבן אין שווערד
האָבן מיר.
באַרואיקן וועלן זיך ייִדן,
מעג זײַן אַ ווײַלע, ניט מער,
אָבער האָפן וועלן ייִדן.
און מיר
טאָרן רואיק ניט בלײַבן.
עס וועט דער געשלאָגענער מערדער,
דער וועלפיש-צערייצטער,
קיינמאָל רואיק ניט בלײַבן.
און מיר...
מיר וועלן זיך ראַנגלען,
מיר וועלן זיך שלאָגן
ביז וואַנען די כוחות די לעצטע
וועלן טראָגן,
חברים!...

* * *

אין אַ בונקער.

**יוסף:**

— חבר מרדכי!

פּאָזיציִעס ברענען
ביַי אונדזערע קעמפער!
— חבר מרדכי!
צו אַנדערע שטעלן
זיי ציִען זיך איבער...
צו בונקערס, צו קעלערס...
— חבר מרדכי!
עס פּלאַצן די קעלערס,
צעשמעטערט פון חורבות צעפלאַמטע...
— חבר מרדכי!
עס בערגלען זיך גאַסן
פון טויטע פאַשיסטן...
— חבר מרדכי!
עס הערן אונדז קעמפער,
באַנעמען באַפעלן,
און מוט איז מיט זיי.
פון נייַע פּאָזיציִעס
שיסן די קעמפער...
— חבר מרדכי!
עס פעלן פּאַטראָנען
מיט בלוט גייען אָפּ
חברים די קעמפער...

— חבר מרדכי!
גאַסן עם ברענען...
איבער אונדז ברענט
דער אויבערשטער גאָרן...

מרדכי:

— יוסף! רוף די קעמפער אַהערצו,
די וואָס קענען נאָך גרייכן...
— חברים! קעמפער
פון וואַרשעווער געטאָ!
מיר שטייען די לעצטע
אויף די חורבות די לעצטע
פון געטאָ.
געשטעלט אונדזער לעבן
פאַרן ייִדישן כבוד,
פאַר ייִדישע ברידער...
פאַר ייִדישע בלוט...
בעסער צו שטאַרבן מיט כבוד,
בעסער צו שטאַרבן אין שלאַכט,
ווי צו שטאַרבן דערשטיקטע,
פאַרברענטע אין אויוונס...
מיר שטאַרבן ניט, ברידער...

אייביק לעבן וועלן מיר
מיטן ייִדישן פאָלק,
וואָס לעבן וועט אייביק
מיט זײַן ייִדישן כבוד,
מיט קאַמף און געראַנגל...
ברידער מײַנע, חברים!
איך בעט אײַך:
ווער ס'וועט בלײַבן בײַם לעבן,
זאָגט אָן צום ייִדישן פאָלק:
פאַרן פאָלקישן כבוד
מיר זײַנען געפאַלן!
און מײַן צוואה
אים ברענגט:
פאָלק מײַנס,
מײַן ייִדישע פאָלק!
זיך קיינמאָל ניט שיידן
מיט שווערד,
ווען אויף לעבן אויף דײַנעם
און אויף כבוד אויף דײַנעם
האָט זיך פאַרמאָסטן
די פײַנטלעכע שווערד.
און דעם מערדער פאַרהאַס,

דעם טעווטאָן!
אויף טויזנטער יאָרן,
אויף אייביק פאַרהאַס!
פאַרהאַס אים
מיט שוידער פון האַרצן
ביַים דערמאָנען זיַין שענדלעכן נאָמען.
פאַרהאַס אים
מיט בלוט פון דיַין מאַמען,
פון ווייַב און פון קינד,
די דערשטיקטע, פאַרברענטע דורך אים!
פאַרהאַס אים מיט גרויל און מיט שוידער
פון די,
וואָס ביַים לעבן באַגראָבן,
ביַים לעבן פאַרברענטע.
פאַרהאַס מיט דעם רוף
פונעם ייִדישן פאָלק:
אָפּמעקן זאָלסטו זיַין נאָמען
פון אונטער דעם הימל!

## יציאת רוסיה

„אינטערנאַציאָנאַל".

כאָר־געזאַנג:

— "שטייט אויף, איר אַלע,

וועד ווי שקלאַפן

אין הונגער לעבן מוז,

אין נויט!"...

— "פון פרייהייט, גלייכהייט אַ גן־עדן

באַשאַפן וועט דער אַרבעטס־מאַן".

— טאַטע, דן הערם?

פון פרייהייט, גלייכהייט אַ גן־עדן

באַשאַפן וועט דער אַרבעטס־מאַן!

— זונאָק! און אַ נאַש בראַט,

אַ יידן אַ פּראָסטן, אַ שוסטער

וועט מען צולאָזן דאָרטן

אין אײַער גן־עדן אַרײַן?

— טאַטע, דו הערסט דאָך בפירוש:

"גלײַכהײַט" שטײט דאָרטן געשריבן.

— זונאָק! און חלה אויף שבת

וועט מען געבן דאָרט אויך

פון "לחם אביונים" דער חברה?

— טאַטע וואָס רעדסטו!

אַ גן־עדן און שוין!

און עס און טרינק וואָס דו ווילסט!

— זונאָק! און וואָס איז...

מכות פּאָגראָמען אויף ייִדן?

— אַי, טאַטע, גענוג שוין!

אַז מען זאָגט דאָך דיר: "גלײַכהײַט"!

און אַלע ווי ברידער,

און קושן זיך וועט מען

— זונאָק! ווער וועמען וועט קושן:

ייִדן די קריסטן

אָדער פאַרקערט?

* * *

טירן צעפּראַלטע פון קלייסטער.

— ברידער אין קריסטומעס גלויבן!

עס וואָרנט און רופט אײַך
די הייליקע קירך פּראַוואָסלאַוונע:
זיי, נאָר זיי,
די זשידעס פאַרפלוכטע,
די מערדער פון געטלעכן קריסטוס,
די בונטאָווש טשיקעס — נאָר זיי
קעגן גאָטס-געזאַלבטן
אונדזער צאַר פּראַוואָסלאַוונעם,
דעם זעלבסטהערשער פון רוסלאַנד,
זיי — קעגן אונדזער מוטער-לאַנד הייליקן,
קעגן פאָלק פּראַוואָסלאַוונעם,
אַלץ זיי, די זשידעס,
און מיר וועלן דען שווײַגן?
שלאָגן די זשידעס
און ראַטעווען רוסלאַנד
זאָלט איר, פּראַוואָסלאַוונע!
געפּאַקט זייגען ייִדישע הײַזער
מיט באַראַבעוועט רוסישע גוטס,
מיט אָפּגענאַרטן רוסישן שוויים.
אונדזער גאָלד איז בײַ זיי.
און מיר, פּראַוואָסלאַוונע,
בײַם שוויים און בײַם בראָנפן

מיר זיינען פֿאַרבליבן.
אָפּנעמען דאַרף מען
ביַי די קריסטטוסעס מערדער
אונדזער הייליקע גוטס,
און די אומריינע לעבנס
דערשטיקן ביז איינעם!
איז גייט, פּראַוואָסלאַוונע,
צעברעכט זיי די הייזער,
צעהאַקט זיי די שאַרבנס
מיט העק און מיט אײַזנס
און נעמט אײַערס אַוועק!
מײַן הייליקע בענטשונג אויף אײַך!
שלאָגט ייִדן און ראַטעוועט רוסלאַנד!
רוסלאַנד — פֿאַר רוסן!

* * *

ראַטעוועט! ראַטעוועט!
מען קוילעט, מען ראַבעוועט אונדז!
— ייִדן! לויפֿט אין בית־מדרש אַרײַן
פֿאַסטן און דאַוונען!
תשובה ותפילה וצדקה
מעבירין את רעה הגזירה.

— ייִדן! תהילים זאָגן מען דאַרף!
— ייִדן! רײַסן קברים מען דאַרף!
און גאָט וועט מרחם זײַן אונדז!
— יוגנט! קום שטעל זיך
צום זעלבסטשוץ!
צום געראַנגל
קעגן די מערדער!
ניט פאַלן, געקוילעט ווי שעפּסן!

* * *

— אונדז, פּאַרוואָסלאַוונע,
עס וועלן געדענקן די זשידעס!
ווײַבערשע בײַכער,
צעהאַקטע מיט שווערדן,
קינדערשע קעפּלעך,
צעהאַקטע בײַ ברוסטן
פון מאַמעס...
מיידלעך געשלעפּט פאַר די צעפּ
און געפּײַניקט אויף גאַסן
און טאַטעס געקוילעט דערבײַ.
און קיינעם מען זאָל ניט באַגראָבן--,
פאַרברענט מיט די הײַזער אינאיינעם.

ניט אויפשטיין זאָל מער
דאָס זשידישע פאָלק דאָס פאַרפלוכטע!
אַט אזוי טוען מיר,
פראַוואָסלאַוונע!

* * *

— קום, מײַן פאָלק,
מײַן ייִדישע פאָלק,
פון שחיטות פאַרבליבענע רעשטלעך!
מײַן פאָלק פון געפאַלענעם מוט
פון נאָך ניט געשטילטן
זודיקן בלוט.
קום און באַהאַלט זיך
אין חורבות אין דײַנע.
און אין דער שטיל,
אין דער פינצטער,
אין לויער און גרויל
מיט זודיקע טרערן מיט דײַנע
הייל דײַנע ווונדן
די בלוטיקע, פרישע.
שטיל דײַן נשמה,
וואָס פלאַקערט

מיט ייִדישן פּלאַם,
קוויק זי מיט האָפענונג שטילער, —
מיט דײַן פאָלקישן אייגנם,
מיט דעם אייביקייט־אוצר מיט דײַנעם.
שטיל דײַן רײַסנדיק קרעכץ
מיט צאַפּלדיק ייִדישן וואָרט.
קום צום הייליקן אָרט,
צו לײַבלעכע קברים פּאַל צו
און מיט בלוטיקע טרערן דו בעט
און רוף
די אָקאָרשט פאַרשניטענע דײַנע.
פון צעווייטיקטן האַרצן פון דײַנעם
וועט דיר פאַלן אַ שטיין.
געטרייסט זײַ, מײַן פאָלק,
מײַן איינציק געטרײַע,
מײַן ייִדישע פאָלק!
צעשלאָגן, צעבלוטיקט ביסטו
און דאָך ניט צעטראָטן!
אין נשמות אין דײַנע
וועט קיינמאָל ניט אויסגיין
דער נר תמיד פון פאָלק!
ס׳וועט ניט אויסגיין דײַן ליבשאַפט,

ס'וועט זיך ניט לעשן דײַן אינהײַט.
ס'וועט ניט פֿאַלן דײַן האָפֿנונג.

* * *

— "שטייט אויף, איר אַלע, וועט ווי שקלאַפֿן
אין הונגער לעבן מוז,
אין נויט..."
— "פֿון פֿרײַהײַט, גלײַכהײַט אַ גן־עדן
באַשאַפֿן וועט דער אַרבעטס־מאַן..."
— טאַטע, דו הערסט?
"פֿון פֿרײַהײַט, גלײַכהײַט אַ גן־עדן"!
דאָס וועלן מיר, באָלשעוויקעס, באַשאַפֿן!
— זונאָק! און פּאָגראָמען אויף ייִדן
וועלן זײַן?
— ווי פּאָגראָמען! ווען פּאָגראָמען!
אַז אַלע ווי ברידער
און וועלן זיך קושן.
זונאָק! און ווער וועמען וועט קושן:
מיר — די גוים
אָדער פֿאַרקערט?
— אַי, טאַטע, פֿאַרשטייסט ניט!
— איך בעט דיך, זונאָק:
און טורמעס

וועלן זײַן?

— אַז מען זאָגט דאָך דיר, טאַטע:

פרײַהײַט!

און רייד וואָס דו ווילסט!

— און אַרבעט און ברויט

וועט אונדז קלעקן?

— אַרבעט וועט קלעקן...

— און אַ נאָש בראַט אַ שוסטער

וועט מען נעמען אין חברה?

— מען זאָגט דאָך דיר: גלײַכהײַט!

— זונאָק! און ייִדיש...

וועט מען מעגן... ריידן?

— איך ווייט ניט...

ווי לענין וועט זאָגן...

* * *

— פאַרבלענדט ביסטו, ברודערל מײַנער,

און יונג ביסטו נאָך!

און איך קום פון פאַבריק,

און איך ווייס:

פאַרגאָסן אומשולדיקע בלוט

האָבן באָלשעוויקעס שוין הײַנט:

דערמאָרדעט, צעשאָסן
די קעמפּער די אַלטע
פֿאַר פֿרייהייט און רעכט...
אייך קלעקן ניט צאַרישע טורמעס
פּראָלעטאַריער זעצן,
די, וואָס ווילן ניט גלויבן אין אייך...
מיט אומשולדיק בלוט
איר פֿלאַסטערט דעם וועג זיך
צו דער מאַכט איבער אונדז...
אייער מאַכט ווילט איר האַלטן
מיט בלוט און מיט טורמעס...
אייער בלוטיקע מאַכט!...
און מיט ייִדן...
אַ שמיד מיט דער בלוטיקער פֿען, —
און געפּסולט האָט לענין
דאָס ייִדישע פֿאָלק
און אים צו בטלנים געגליכן,
וואָס זיצן אין קלויזן,
און פֿאַר פֿאָגראָמען אויף ייִדן
געעפֿנט דעם וועג...
באָלשעוויזם איז בלוטיקע הערשאַפֿט
איבער דעם אַרבעטער־קלאַס!...

קאָמוניזם איז טורמעס סאַר פעלקער!...
— רייד זיך ווייניקער, ברודער!
קלוג ביסטו צופיל, איך זע!
דו ווערסט זיך דעררייידן!
און איך גיי אויפן פראָנט
פאַר דער מאַכט פון סאָוועטן.
— גיי זיך דיר, גיי!
און איך — פאַר דעם ייִדישן פאָלק, —
פאַר דעם טאַטן דעם שוסטער,
פאַר זין, פאַר דעם שלאָסער,
און נאָך פאַר דרײַ מיליאָנען
אַזעלכע ווי מיר, האָרעפּאַשנע
ייִדן פון איין פאָלק.

* * *

**סטאַלין:**
— קומסטו צום וואָרט,
מיניסטער פון ק.ג.ב.!
וואָס האָסטו צו זאָגן?

מיניסטר:

— נאָך איין פאָלק איז פארבליבן,
דאָס לעצטע עס איז.
אַ ווידערשפּעניקע פאָלק!
צעזייט און צעשפּרייט
צווישן אונדז,
צווישן פעלקער די אַלע
פון אונדזער
סאָוועטנפאַרבאַנד.
און קיין פאָלק איז עס ניט.
אַליין קאַרל מאַרקס האָט געזאָגט:
אַ פאָלק פון באַנקירן איז דאָס,
פון הענדלער און טענדלער,
און אויסראָטן דאַרף מען פון יִידן
דאָס יִידנטום זייערס.
ס'האָט אונדז לענין געלערנט:
יִידן קיין נאַציע זיינען, —
אַ קאַסטע בטלנים אין קלויזן,
נישט מער זיינען זיי.
און מיר אַלע, מיר ווייסן:
באַרויבט האָבן יִידן אַמאָל נאָך
די רוסישע טאַטעס און זיידעס,

און געטאָן האָבן טאַטעס מיט ייִדן
אַזוי, ווי ס'האָט לענין געבאָטן:
"באַרויב דאָס באַרויבטע!"
און פאַגראָמען פאַרדינט האָבן ייִדן!
און היינט — ווידעראַמאָל:
אַריין זיינען ייִדישע שמוגלערס
אין אונדזער לענינס פּאַרטיי
צוליב מאַכט איבער אונדז
און באַרייכערן זיך
אויף אַמטן און פּאָסטנס.
צוליב רויב און פאַרראַט.
ווו אַ פּאַרוואַלטער — אַ ייִד!
ווו אַ דירעקטאָר — אַ ייִד!
אַ פּאַרטיי־סעקרעטאר ־איז אַ ייִד!
אַן אינזשענער — איז אַ ייִד!
אַ פּראָפעסאָר — אַ ייִד!
אַ דאָקטער — אַ ייִד!
אַ מאַגאַזינער — אַ ייִד!
אַ ייִדישע מאַכט
איבערן רוסישן פאָלק,
איבער רוסישן לאַנד!
זיי פאַרמעסטן זיך שוין

אויף לענינען אזיך, —
אַ ייִדישע נאַציע שאַפן!
פּאַרטייען — אין ייִדיש,
געריכטן — אין ייִדיש,
אינסטיטוטן — אין ייִדיש,
בילדונג — אין ייִדיש,
שרײַבער אין ייִדיש,
מוזיק און טעאַטער — אין ייִדיש,
אַ פּארלאמענט אַן אייגענעם באַלד
און מיניסטאָרן
וועלן זיי מאָנען בײַ אונדז
מיט אימפּעריִאַליסטן
געקניפּט און געבונדן
שונאים! פאַררעטערס זיי זײַנען!

סטאַלין:
— איך — דער פירער פון פעלקער פון אַלע!
איך — דער געניאַלסטער לערער און לייטער!
איך — דער קליגסטער פון קליגסטע!
— איך — דער מענטשלעכסטער פון מענטשהײַט
דער גארער!
איך — פון וויסנשאַפט דער קאָריפײַ!

איך — דער מיטקעמפער לענינס!
איך — פון קאָמוניזם דער לײַכטנדער שטערן!
איך — פון סאָוועטן דער איינציקער זיל!
איך — דער גענעראַליסימוס!
איך — דער צוואַנציק מאָל טרעגער פון אָרדנס!
איך — דער זעקסמאָליקער העלד
פון סאָוועטנפאַרבאַנד!
איך באַפעל דיר
דאָ אין קרעמל,
ווו איך זיץ:
אויב ס'איז דיר טײַער דײַן קאָפּ,
מיניסטער פון ק.ג.ב.:
אויסראָטן זאָלסטו מיט בלוט
בײַ יִדן דעם מינדסטן געדאַנק
פון אַ יִדישן פאָלק!
דו הערסט וואָס איך זאָג דיר:
מיט בלוט!
פּאָליטישע רעשטלעך
פון הײַנט און פון נעכטן
ליקווידירן ביז איינעם!
קיין עפנטלעך יִדישע וואָרט
און קיין וואָרט קיין געהיימען!

קיין יִדישע בילדונג!
שרײַבער און קינסטלער —
צעשיסן ביז איינעם!
פון אַמטן און פּאָסטנס —
פאַרטרײַבן!
און פּלעצער באַפרײַטע —
פאַר רוסן!
אָפּראַמען רוסלאַנד
פון יִדישער לופט!
און יִדן — אין גהינום אַרײַן!
דאָרט אַ מלוכה אַ יִדישע שאַפן
און פּאָסטנס פאַרכאַפּן די הויכע
און שווינדלען און ראַבעווען דאָרטן
אין יִדיש!

* * *

— ברודערל מײַנער!
האַרציקער מײַנער!
איך קאָן שוין ניט מער!
בלוט איבער בלוט!
פון סאָוועטישע פעלקער
פאַרגאָסענע בלוט!

ס'וואַלט געקלעקט
אויף באַבלוטיקן זאַט
אַלע רוסישע פעלדער...
ס'וואַלט געקלעקט
אויף באַפּלאַסטערן רויט
אַלע רוסישע וועגן...
ס'וואַלט געקלעקט
לאָזן שטראָמען
אַ וואָלגע אַ צווייטע...
די וועגן צו טורמעס
באַטראָטן מיט בלוט...
די גראַטעס אין טורמעס
באַשפּריצטע מיט בלוט...
די הענט פון די הענקערס
געבאָדן אין בלוט...
איבער גאַנץ רוסלאַנד, —
איבער אַלט-נײַעם פּאָגראָם-לאַנד
רויטע פענער עס פּאָכען:
— צוליב רעוואָלוציִע — אַלץ!
צוליב קאָמוניזם — איז אַלץ!
צוליב ווילשטאַנד פון מענטשן — איז אַלץ!

* * *

— ברודערל מײַנער,
האַרציקער מײַנער!
איך, דער שלאָסער דער פּראָסטער,
פון ייִדישן שטעטל
דער ייִדישער ייִד,
איך קאָן שוין ניט מער!
עס פאַרטראָגט ניט מײַן האַרץ!
דעמאָלט
פון ייִדישע הײַזקעס
ייִדישע מענטשן געריסן
און מיט לאַפּעס צערייצטע
געשלעפּט זיי
צום טויט און פאַרניכטונג
צום מאָרד און צום פּײַן
אין פינצטערע קעלערס
בײַ בלוטיקע ווענט,
אין גרויליקע וויסטן
אויף זאַמדן און שנייען...
און דערנאָך
האָבן אַנדערע לאַפּעס,
טעווטאָנישע בלוטיקע לאַפּעס
פון פאַריאָסעמטע הײַזקעס

די רעשטלעך געשלעפּט
פון פאַרחלושטע ייִדן,
געלעכערט, געשפּאָלטן
די ייִדישע שאַרבנס,
געהאַקט און געבראָכן
די ייִדישע ביינער,
געטרייבערט די לײַבער,
און גריבער געשלײַדערט
און בײַם לעבן פאַרשאָטן...
זיך אליין
האָט דאָס פאָלק פון שאַקאַלן
דערהויבן אַ דענקמאָל
פון ייִדישע ביינער,
פון פלאַמיקן צאָרן,
פון בלוטיקן האָס
אויף אייביקע דורות,
אויף אייביקע יאָרן.
און דערנאָך —
איבער די,
וואָס בײַם לויפן פון טויט
בײַ דעם לויער און גרויל
מיט צעשווידערטן בליק,

מיט רחמנות־געבעט:
— און ווּ זײַנען ייִדן?
— זיך טוליען אינאײנעם?
און היילן נשמות
און שטילן די הערצער?...
די הערצער,
פאַרגאַנגען מיט בלוטיקע ווּנדן...
און דאָ באַלד און גלײַך
די אַמאָליקע ווידער,
די רויטע שאַקאַלן,
די פונלאַנג שוין באַקאַנטע
עם זײַנען באַפאַלן.
הינטער די גראַטעס
פון לענינס און סטאַלינס
טורמעס און לאַגערס
פאַרטיליקט, פאַרניכטעט,
דערשטיקט און דערוואָרגן,
פאַרפּײַניקט, דערמאָרדן
פון בלוטיקע לאַפּעס
און באַגראָבן געבליבן
אין וויסטיקע זאַמדן
זײַנען ייִדישע מענטשן,

די ברידער און שוועסטער
פון אַרבעט און נויט,
און שנייאיקע וויסטן,
צעטראָטן צום טויט,
פֿאַרשאָטן, פֿאַרווייעט
די מוטיקע יונגען,
וואָס צום מזרח געהויבן
די הענט האָבן זיי
און צום פֿאָלק מיט אַ שבועה
צו גאולה אים פירן.
אין שאַכטן, אין גריבער
דערגאַנגען די יאָרן
מיט הונגער און פּײַן
די, וואָס מיט לײַב און מיט לעבן,
מיט ייִדישן אָטעם,
מיט ייִדישן וואָרט
צעשטראַלט און צעלויכטן
קינדערשע אויגן
מיט מענטשלעכן ייִדישן שײַן.
אין זומפּן אין טויטע
אין וועלדער סיבירער,
אין וועלדער פּאָליעסיער

געשליַידערט, דערטרונקען
די ליכטיקע קעפּ
און די פֿלאַמיקע הערצער,
וואָס צום ייִדישן פֿאָלק,
צו דערשלאָגענע ברידער
תּאַר דורות און דורות
האָבן אויסגעשטראַלט וועגן
און אויסגעשייַנט גאַנג.
און ייִדישן אייגנס
דערהויבן צום פֿאָן.
אין גרויליקע קעלערס
בייַ שטיינערנע ווענט,
באַשפּריצטע מיט בלוט,
געפֿאַלן דערשאָסן,
צעפֿליגלט די הענט
בייַ דעם שוווּנג בייַ דעם לעצטן
פֿון נשמות צעהויכטע,
פֿון הערצער צערודערט,
די טרייַע באַזינגער
פֿון ייִדישע לייַדן,
פֿון ייִדישן פּייַן
און פֿון ייִדישן שייַן.

פון ייִדישן בענקען,
פון ייִדישן טרוים
פון ליבשאַפט און האַס,
פון צער און צאָרן,
פון נויט און געראַנגל,
פון ייִדישן פאָלק
די געטרײַע באַזינגער.
געגליט אין ווײַסרוסישע שנייען
פון טעאַטער דעם קעניגס געהירן,
געפּלעט און געטרייבערט
דורך די הענקערס די רויטע.
געפאַלן, געשלײַדערט אין גריבער
מיט מיסטן אינאיינעם
איז דאָס פאָלקישע וואָרט
דאָס געדרוקטע, —
פון ייִדישע מוחות,
פון ייִדישן האַרצן
דאָס האַרציקע וואָרט.
און באַגראָבן, —
ניט אויפשטיין זאָל מער.
דערוואָרגן, פאַרכלינעט בײַם גאָרגל,
אַ דערשטיקטע מיט בלוט,

איז דאָס פֿאָלקישע ליד
מיטן זינגער אינאײנעם.
און שטיוול
בלוטיקע רויטע,
צעיושעטע שטיוול
מיט שכורן טאַנץ
געשטיקט און געטראָטן
דעם ייִדישן אײגנס,
דעם פֿאָלקישן נאָמען,
דעם ייִדישן כבוד,
דעם ייִדישן מענטשן.
זאָל פֿלאַמען אײביק
אין ייִדישע הערצער
פֿון דור און צו דור
און ניט שטילן זאָל קײנמאָל,
ניט לעשן זאָל קײנמאָל
און פֿרידן און לײַדן,
אין שלאָף און אין װאָר
די ייִדישע פֿײַנטשאַפֿט,
דער בלוטיקער האַס
צו די הענקערס די רויטע!
און הײַנט,

ברודערל מײַנער,
דאָ בלײַב איך שטײן,
איך, דער שלאָסער דער פּראָסטער,
פֿון ייִדישן שטעטל
דער ייִדישער ייִד,
דאָ, בײַ די חורבֿות
פֿון מײַן ייִדישן פֿאָלק.
און איך פֿרעג בײַ מײַן קאָפּ,
און איך זוך בײַ מײַן האַרץ, —
אַן ענטפֿער איך מאָן,
אַ דערלײזונג איך װאַרט,
אַ װעג און אַן אױסװעג איך קוק,
און עס ענטפֿערט מײַן האַרץ
פֿאַרטרױערט, פֿאַרבענקט:
ייִדישער ייִד!
בײַ די חורבֿות בלײַב שטײן.
ניט שײד זיך,
פֿאַרלאָז ניט,
גײ ניט אַװעק
פֿון דעם ייִדישן בלוט,
נאָך ניט געשטילטן,
נאָך ניט געקילטן!

וואַרף ניט
די קברים די פרישע
פון ברידער פון דײַנע,
פון לײַבלעכע ייִדישע ברידער!
געזעגן זיך ניט
מיט נשמות, וואָס הויכן,
וואָס לעבן און רופן און מאָנען
און שוועבן לעבן דיר!
ענטפערט מײַן קאָפּ מיר:
און פון צעבראָכענע ביינער,
פון נשמות דערשטיקטע
וועט דען אויפשטיין אַ פאָלק?
און אויפקומען וועט
בײַ די הײַזקעס צעברענטע?
און אינאיינעם וועט קומען
דאָ, אויף דער ערד,
דער פאַרשאָלטענער בלוטיקער ערד
צו ייִדישן כבוד,
צו ייִדישן שײַן?
ענטפערט מײַן האַרץ
שטילערהייט און מיט ליב:
לאַנג, אַזוי לאַנג

אין אויסדויער שווערן
אַרומגיין און בלאָנדזען
ווען ייִדישע רעשטלעך
צעשפּרייטע, צעזייטע
אין פרעמד און אין עלנט
אין בלינד און אין בלענד
פאַרטרויערט־פאַרבענקטע
און מיט פאַרבאָרגענעם בענקען
זוכן זיי ווען
אַ לייַבלעכן מענטשן,
אַ ייִדישן ברודער,
און רופן צו אים:
נאָר דו אַליין
ביסט מיר אייגן און ליב,
מייַן ייִדישער ברודער
מייַן גלייַכער!
נאָר דו אַליין
ווייסט מייַן פרייד און מייַן נויט
און קום, לאָמיר גיין
אינאיינעם מיט מיר
און מיט ייִדישע ברידער אינאיינעם!
און ערד? —

ענטפערט מײַן האַרץ מיר —
דאָרטן, ווו הײַזקעס געוווינטע
פונלאַנג און פון יאָרן,
דאָרטן, ווו קינדער געבאָרן,
דאָרטן אין פרייד און אין צאָרן
געוווינען, פאַרלאָרן
און אוים מיט די יאָרן,
דאָרטן איז ערד.
צו אַ געזינד
איז געגליכן אַ פאָלק.
אין אייגענער הײַזקע,
אין ענגער און ליבער
בײַם טאַטן און מאַמען,
מיט לײַבלעכע ברידער
און אַלע צוזאַמען —
איין האַרץ פאַרן צווייטן,
אינאיינעם געפרייט זיך,
אינאיינעם געטרויערט.
און ווען אַוועק פון דער היים,
און דאָך ברידער געבליבן,
און טײַער און ליב איז
די הײַזקע די אַלטע

דאָרט, וווּ זי שטייט.
רופט מיך מײַן האַרץ
און עס רעדט צו מיר ווידער:
אין אויסדויער שווערן,
אין לײַדן און פּײַן,
מיט די צעבראָכענע גלידער
מיט נשמות, וואָס שוועבן און לעבן,
צונויפקומען װעלן זיך ברידער
בײַ די הײַזקעם בײַ אַלטע.
און אויפבליִען וועט
אַן אַלט-נײַע ייִדישע פֿאָלק
מיט נשמות דערהויבן,
וואָס פֿלאַקערן װעלן
מיט ייִדישן פֿלאַם
פֿון מוחות-געראַנגל,
פֿון הערצער-געראַנגל,
פֿון גופֿים-געראַנגעל.
ברודערל מײַנער!
דאָ בלײַב איך שטיין.
מיט ייִדישע ברידער אינאיינעם
אויסוויטיקן וועל איך
די ייִדישע וויייען,

אויסלײַדן װעל איך
די פֿאָלקישע לײַדן,
אויסבענקען װעל איך
דאָס ייִדישע בענקען,
אויסטרוימען װעל איך
דעם פֿאָלקישן טרוים,
ראַנגלען זיך דאָ
פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק —
מיט אים און אינאײנעם
זיך ראַנגלען

* * *

— ניט באַהאַלט זיך, מײַן פֿאָלק,
אין די הײַזקעס אין דײַנע,
ביז עס גײט דורך דער גרימצאָרן.
עס װעט דיר ניט העלפֿן.
אין דײַנע שלאָפֿלאָזע נעכט
װאַרט מיט שוידער און גרויל
דאָס האַקן אין טירן אין דײַנע
מיט הענקערשע שטיװל.
װעלפֿישע אויגן צערײצטע
פֿון געפֿאַנגענעם מענטשלעכן לײַב.

פון שטוב וועלן שלעפּן
דײַן פֿאַרצאַפּלטן מאַן,
דײַן האַרציקן לעבנס־באַגלייטער.
זיך געזעגנען מיט אים, —
ביסט שוין הײַנט אַן אַלמנה,
און פֿאַרבאָרגענע טרערן
און פון האַרצן דער שטורעם
דיך וועלן באַגלייטן דײַן לעבן.
הינטער דײַן רוקן
אין אַמט און אין גאַסן
וועט דיך שטעכן דער לויער
מיט שפּירנדיק־הענקערשע בליקן,
און וווּהין און מיט וועמען
דו גייסט.
אויף וואָקזאַלן בײַ באַנען
וועט נאָכגיין דיר פוסטריט,
אין ריי בײַ דער ברויט־קראָם
וועט ער שפּירן דײַן אומרו.
אין פֿאַבריק בײַם געשטעל
וועט ער פֿאַנגען דײַן טרויער.
אין ביוראָ וועט ער כאַפּן דײַן קרעכץ.
און ווען עס קלעמט דיך

זײַן אײנציקער װאָרט:
„קום",
און עס שװינדלט דאָס ביכעלע זײַנס
פאַר דײַנע געלאָשענע אױגן,
איז אױף צוריק און אַהײם
שױן דער װעג דיר געשלאָסן.
ברײט זײַנען טירן
אין טורמע אַרײַן.
שמאָל זײַנען טירן
פון טורמע אַרױס.
* * *
— ברודערל מײַנער!
אַ בלוטיקע איז דײַן פּאַרטײ,
די קאָמוניסטישע!
אַ הענקערשע איז דײַן פּאַרטײ,
די קאָמוניסטישע!
װער האָט דאָס רעכט אײַך געגעבן
צוליב אײַער מערדערשן גלוסט
צעבלוטיקן טױט
הונדערט מיליאָנען
מענטשלעכע לעבנס?!
װער האָט אײַך באַרופן

פון פעלקער די מענטשהײַט
דערשטיקן אין בלוט ? !
דו שווײַגסט,
געבויגן דעם קאָפּ ? !
זײַ וויסן :
עס פלאַקערט אין הערצער פאַרבאָרגן
דער צאָרן פון פעלקער !
פלאַמען װעט אייביק
אין הערצער פון קינדער
דאָס בלוט פון דערמאָרדעטע טאַטעס !
און װעט קיינמאָל ניט אויפהערן פלאַמען !
אַ צײַט, עס װעט קומען
עס װעלן אײַך טורמעס ניט העלפן !
און ניט גיליאָטינעס
אויף האַקן די קעפּ, —
צעגלידער־מאַשינעס
פון בלוטיקע טרעפּ
װעלן שלײַדערן גלידער,
קאָמוניסטישע גלידער
צעהאַקטע ווי טעפּ.
סײַ די, וואָס בײַם לעבן,
סײַ די, וואָס פון קברים געשלעפּט

און דאָס ייִדישע פֿאָלק,
וואָס גייט אָפּ מיט בלוט
אונטער אייערע הענט,
בײַם לעבן וועט בלײַבן.
אַ וווּנדער-פֿאָלק איז דאָס!
און אויפֿשטיין עס וועט!
און אויפֿשײַנען וועט
נאָך שענער און שטאַרקער
ווי פֿריער.
די קאָמוניסטישע טיכער
פֿון די פֿענער אַראָפּ
שלײַדערט די ייִדישע יוגנט
און בלײַבט ניט נאַקעט און הויל.
פֿון פֿאָלקישע הערצער געשפּונען,
פֿון גאָלדענע פֿעדים געוועבט
פֿון פֿאָלקישן האַרציקן גינגאָלד, —
פֿון פֿאָלקישער איינהייט,
פֿון פֿרײַהייט, פֿון רעכט און פֿון ליבשאַפֿט
געשאַפֿן פֿונסנײַ וועט
דאָס יומטובדיק ייִדישער קלייד.
און הערצער די יונגע
געקרעפֿטיקט עס וועלן

מיט אַלט-נייעם ייִדישן מוט.
אַ יונג-פֿאָלק עס שפּאַנט
און מונטער עס שאַלט
פֿון רוסישע גראַטעס אַדורך
און דורך שטיינערנע ווענט
עס רופֿט אויפֿן קול:
— ייִדן מיר זײַנען!
מיר —
דאָס נײַע,
דאָס יונגע,
דאָס ייִדישע פֿאָלק!
דאָס פֿאָלק פֿון געראַנגל
מיר זײַנען!

* * *

— ברודערל מײַנער!
האָסט אַ גאַסט באַלד
בײַ זיך:
דײַן זון גייט צו דיר,
דער אינזשענער.
— טאַטע, פּאָגראָמען!
אומעטום, נאָכאַנאַנד!

עס שטייען צעשעדיקט געשטעלן, —
זיינען שולדיק די ייִדן!
עס שיכורן גאַנצענע צעכן, —
זיינען שולדיק די ייִדן!
אין פאַבריק — אַ געזאַמל...
רעדלעך און רעדלעך...
ווי שפּינען
צעפּויזען זיך קלאַנגען,
פון ערגעץ געשליַידערט אַראָפּ:
"ייִדן די שולדיקע זיַינען!"
פאַררעטער זיי זיַינען!
די שעדיקער — זיי!
פון אויסלאַנד — אַגענטן!
פון אימפּעריאַליזם!
פאַרטריַיבן זיי דאַרף מען,
די ייִדן!
צערייצט ווערן רוסישע אויגן,
צעקריצן זיך רוסישע ציין,
און רוסישע פויסטן
עס קלעמען זיך שוין.
פאַרטריַיבט מען און באַלד
דעם מיַיסטער דעם ייִדן,

דעם אינזשענער,
וואָס דעם ייִדנס אַן אייניקל איז ער,
און אַליין, פון אַ גויה געבוירן,
און שמוגלט אַרום
מיט אַ רוסישן נאָמען,
ייִדן־דאָקטוירים פאַרטרײַבט מען:
— "פאַררעטער זײַ זײַנען!
און ניט הילט זיך בײַ זיי!"
פּראָפעסאָרן פאַרמײַדט מען:
— "ייִדן! און ווער ווייסט זיי דען ניט?"
"ייִדן! אָפּגעקערט האָבן
פון דער ל י נ י ע
דער גענעראַלער!!!..."
און באַלד, טאַקע באַלד
קומט צו די ייִדן
ד ע ר,
ווער עס דאַרף קומען,
און פירט זיי, די ייִדן,
אַ ה י ן,
ווו מען דאַרף פירן...
און צעבונדן די צינגער,
צעלאָזט די געמיטער,

צעשרויפט אַלע גײַסטער
האָט דאָס רוסישע פאָלק:
— ייִדן — קיין ברויט ניט פאַרקויפן!
ניט געאַקערט, ניט געזייט
האָבן ייִדן!
— פאַרטרײַבן זיי דאַרף מען!
און זייערע דירות און גוטס
זאָלן אַוועקנעמען רוסן
צו זיך!
ווײַל רוסישע איז דאָס
און באַרויבטע דורך ייִדן!...
זאַמלען זיך ייִדן,
פאַרטריבענע ייִדן,
מיט אויגן פאַרבאָרגן
פאַר שאַנד און פאַר שוידער
און שטילערהייט פרעגן:
מיר זיינען דען ייִדן?
מערנישט פון ייִדישע טאַטעס און מאַמעס געבוירן,
און אַליין מיר?...
און פון ערגעץ, פון אויבן,
און פון אונטן אַרומעט
האָט זיך צעטראָגן,

צעבושעוועט האָט זיך
אַ הענקעריש-ווילדער,
אַ וועלפיש-צערייצטער,
אַ שיכורער קול
פון מיליאָנען:
מיר און אַזעלכע ווי מיר
אין דער וועלט אין דער גארער
וועלן אײַך אייביק דערמאָנען,
אַז יִידן זײַט איר,
ווען איר פּרוּווט עס פאַרגעסן אַליין! . . .
זאַמלען זיך יִידן צעטומלט,
און נענטער איינער צום צווייטן,
און שווײַגנדיק פרעגן
צעשראָקענע בליקן
און נישטערן ערגעץ
אַן ענטפער געפינען
דעם אייגענעם האַרץ
דעם פאַרבלענדטן,
און ווו זיינען אויגן געווען,
די ניכטערע יִדישע אויגן?
פּלאַצט אויף בײַ יִדן:
— זיי, די פּאָגראָם-לײַט,

לערנען אונדז איצטער
ייִדן צו זײַן!...
ייִדישן כבוד צו זוכן...
עס טוט פון אונדז עפּעס אַוועק,
וואָס באַגלייט האָט מיט בלענד,
עס טוט אין אונדז עפּעס אַרײַן
און מוחות און הערצער באַנעמט:
אַ מענטשלעכער ייִד!
אַ ייִדישער מענטש!...
און גערעאַנגל! —
פאַר ייִדישן כבוד!
— ברודערל מײַנער!
הערסט רייד פון דײַן זון?
פון אונדזערע אַלעמענס זין?
וואָס וועסטו זאָגן דערויף?
דו שווײַגסט נאָכאַנאַנד?!
אָט האָסטו דעם איניקל דײַנעם,
וואָס קומט אָן אַהער.
— זיידע!
ענטפער מיר דו.
טאַטע און מאַמע זיי שווײַגן,
ווען איך פרעג זיי דערפון.

מערנישט אַ טרויער באַפאַלט זיי
איבער די אויגן,
און זיי ענטפערן גאָרנישט.
— פרעג, מײַן קינד!
וואָס איז?
— דו, זיידע, ווייסט אַלץ.
קעגן קאַלטשאַקן
דו האָסט זיך געשלאָגן
מיט בודיאָני אינאיינעם
פאַר דער מאַכט פון סאָוועטן.
איז ענטפער מיר דו:
ווער בין איך —
אַ מענטש צי אַ זשיד?
און ווער זײַנען עס זשידעס?
און פאַרוואָס שלאָגט מען זשידעס?
און פאַרוואָס שלאָגט מען מיך?
און ווען מען שלאָגט מיך,
פאַרוואָס שווײַגט דער לערער
און ער שמייכלט דערבײַ?
זיידע, דו שווײַגסט?
דו ווייסט אַליין ניט, פאַרוואָס?
און דו, זיידע, ווער בסיט:

אַ מענטש צי אַ זשיד?
דו ווייסט אַליין אויך ניט,
ווער דו ביסט אַזאַ?
און איך וועל דערלאַנגען די שלאָגערס
אין צען מאָל מער
און זאָלן זיך קלאָגן
אויף מיר.
איך קאָן זיך נאָר העלפֿן
מערניט ווי מיט קלעפּ.
— ברודערל מײַנער!
אויך פֿאַר דײַן אייניקל
האָסט ניט קיין ענטפֿער,
ווער דו ביסט אַליין?
— טאַטע! וואַרט אוים!
לאָמיר הערן! דאָס ראַדיאָ רופֿט:
עפּעס וויכטיקעס לאָזן אונדז הערן...
— הערט אונדז! הערט אונדז! הערט אונדז!
פֿון דער גאַנצער וועלט ייִדן!
הערט אונדז, ייִדן פֿון רוסלאַנד!
דעם פֿינפֿטן יוני
טויזנט נײַן הונדערט זיבן און זעכציק
האָט די אַרמיי פֿון ישראל

בײַ אַ שווערן געראַנגל
אויף לעבן און טויט,
בײַ שטורמישע שלאַכטן
די אַרמייען צעבראָכן
פון די באַפאַלער!
באַפרײַט
אונדזער אַלט-נײַע
ייִדישע היים!
באַפרײַט
אונדזער הייליקע שטאָט!
באַפרײַט
דאָס ייִדישע פאָלק
פון פאַרניכטונג!
צעעפנט די וועגן
פאַר ייִדן פאַר אַלע
צום פאָלקישן אויפקום!
צו פאָלקישער איינהײַט!
צו פרײַהײַט, צו רעכט און צו ליבשאַפט!
צום ייִדישן כבוד!
צעעפנט דאָס לאַנד
פאַר דעם ייִדישן פאָלק!
ייִדן! ברידער!

די בײַם לעבן געבליבענע ברידער
פון פײַער און שווערדן,
פון גראַטעס און מאָרדן,
וועמענס ייִדישער פונק
איז נאָך ניט צעטראָטן, —
קומט צו אונדז, —
צו דעם ייִדישן פאָלק,
צו דער ייִדישער היים!
און אינאײנעם
בויען און שאַפן און לעבן
ווי ייִדן
ווי ייִדן אַ פאָלק!
ווי ברידער אַ פאָלק!
מיר רופן אײַך:
— קומט! קומט!
— טאַטע, דו הערסט?
אונדז רופט מען דאָס!
ייִדן פון רוסלאַנד
די דערשלאָגענע ייִדן פון רוסלאַנד
מען רופט!
און מיך רופט מען אויך!
און מײַן קינד רופט מען אויך!

און דאָרט
וועלן ברידער מיר ענטפערן
הויך אויפן קול:
פון הערצער־געראַנגל,
פון נשמות־געראַנגל,
פון מוחות־געראַנגל,
פון גופים־געראַנגל, —
מיר זײַנען
דאָס ייִדישע פאָלק!
און פון רוסלאַנד —
אַרויס וועלן מיר!
פון פּאָגראָם־לאַנד אַרויס!
פון בלוט־לאַנד אַרויס!
פון קנעכט־לאַנד אַרויס!
פון פײַנט־לאַנד אַרויס!
צום היימלאַנד!
צום ייִדן־לאַנד!
צום ברודער־לאַנד
מיט בלוט און געראַנגל
און קומען וועלן מיר!

## אינהאַלט: